דאָס בוך איז אַרויסגעגעבן מיט דער הילף פון
קרן תל־אביב לספרות ולאמנות ע״ש יהושע רבינוביץ ;
אליעזר פּינעס־פאָנד פאַר קולטור און ליטעראַטור ;
און פאַראיין פון ייִדישע שרײַבער און זשורנאַליסטן
אין ישׂראל.

פריד ווײַנינגער

# אותיות-ווערטער-סטראָפּן

## לידער



ה. לייוויק-פאַרלאַג
בײַם פאַראיין פון ייִדישע שרײַבער
און זשורנאַליסטן אין ישׂראל

תל־אביב תשמ״א 1981

**Freed Weininger**
**LETTERS, WORDS, STANZAS**
Poems

Cover, drawing: by the **author**

הילע און צייכענונג: פון מחבר

צילום: ישראל נתיב



H. Leivick Publishing House
30, Dov Hoz Str., Tel-Aviv, 63416, Israel
ה. לייוויק־פארלאַג, תל־אביב, רח׳ דב הוז 30




נדפס בישראל, תשמ״א
**Printed in Israel, 1981**

נסדר בלינו־טור, רח׳ יסוד המעלה 39, ת״א
נדפס בדפוס מ. ערבה, רח׳ לבנדה 36, ת״א

מײַן ליד
איך אָטעם דיך
אײַן און אויס

די ערד אָטעמט
דיך און מיך
אויס און אײַן

פון זייער אָטעם ווערט עס
מײַן ליד

**ראָזע אויסלענדער**

אותיות, ווערטער און סטראָפן — זענען די אומזיכטבאַרע גרענעצן פונעם איינציקן לאַנד, אין וועלכן דער שׂונא קען ניט אַרײַן.

און אויב אַ ספר גייט אויף אין פלאַמען פון שײַטערהויפנס, לײַכטן די אותיות פון דער אַש אַרויף צום הימל, און שטעלן זיך אויס אין ווערטער, און ווערטער אין סטראָפן.

אַזוי לאַנג עס וועלן זײַן אותיות מיט אונדז, וועט זײַן אַ ייִדיש פאָלק; און אַזוי לאַנג עס וועט זײַן אַ פאָלק, וועט אונדזער גײַסט, וועט אונדזער ליד לעבן אין די וונדער־צירופים — אין די ייִדישע אותיות.

אויב זײַן אַ ייִדישער דיכטער הײַנט, מיינט זיך ווײַטער שלאָגן קעגן ווינטמילן... וועל איך זאָגן מײַן באַגלייטער סאַנטשאָ פאַנזאַ׳ן: גיי דיר בשלום, כ׳וועל אפשר גובר זײַן אַליין אין קאַמף.

די דאָזיקע זאַמלונג נעמט אַרײַן די לידער געשריבן אין די יאָרן תשל״ד—תשמ״א.

מיט אַ ציטערדיק האַרץ פיר איך אַרויס די אותיות, ווער־טער, סטראָפן, און שטעל זיי אויס — מײַנע אומזיכטבאַרע שומרים, אין אַ צײַט ווען נאָך שטאַרקערע שׂונאים שטייען גרייט פאַר די טויערן פון אונדזער קיניגרײַך ליד : אַפּאַטיע און ירידה.

אַ דאַנק אַלעמען וואָס האָבן מיך דערמוטיקט און געהאָלפן אַרויסגעבן די זאַמלונג. פאַר מיניע און לייזער פּרעסער אַ גרוס צווישן די בערג פון יהודה און דער מדבר פון אַריזאָנאַ.

ראשון־לציון, כ״ו בטבת, תשמ״א

אומרו
איז אַזאַ מין וואָרט
וואָס געפינט פאַר
זיך קיין אָרט.
און דאָס וואָרט אַליין
שטאַמט דאָך אויך פון
ווערטער...

נו, און זיי ?
אינעם ליד וואָס
ווערט געבוירן,
פליִען זיך צונויף
אויף אַ פאַרמעט
פון צירופים,
שפּראָצן דאָרט געוויקסן
פונעם גאָרטן אלף־בית,
שטעלן אויס זיך
אינעם הויף —
אויף באַשערטע ערטער.

אומרו טליִעט שוין
אין האַרץ פון יעדן אות,
נאָר די וועגן פירן
ווי אין תוהו פאַרן אָנהייב —
פאַר בראשית,
צו די בייטן
פון שמות.

אין דער קייט פון
אַלע דורות
זענען מיר דאָך רינגלעך בלויז.
און דער אומרו־ציטער
יערט שוין אינעם בלוט
פון ליד, פון וואָרט.
אַזאַ זעלטענע ירושה.
נאָר ווו דערנער,
דאָרטן בליט אַ ווונדעררויז.

אומרו, גראָסבאַרד,
איז אַזאַ מין וואָרט
וואָס געפינט פאַר
זיך קיין אָרט.
ווי אַן אָנזאָג
פון דער וויַטנס,
הער איך פלוצעם...
ס'איז דײַן פּישוף־קול.

דאַנק איך אים, זיַין
ליבן נאָמען,
וואָס ער האָט דאָס וואָרט
אינעם גאָרטן
פון די ווונדערס,
מיט דײַן ניגון,
מיט דײַן קול צונויפגעפּאָרט.

ראשון־לציון, י״ז בתמוז, תש״מ

אותיות, ווערטער, סטראָפן,
און דײַן חלום־וועלט איז אָפן.
אַזוי לאַנג ס'וועט דיר באַשערט זײַן
אין דער לויטערקייט פון קוואַל,
אין די וואַסערן פון אלף־בית,
זיך צו טובלען,
און אין כּישוף־וואַלד דערנעבן
זיך פון גרויער וואָר באַפרײַען
פון דער ביטערקייט ווי גאַל,
אויף אַ סטעזשקע —
מעג זי דין זײַן ווי אַ פאָדעם,
הוידען זיך אין בלויען
טאָג אַרײַן,
און די טריט פאַרוועבן
מיטן מאָך דעם סאַמעט־גרינעם
אינעם אויסגעטראַכטן סאָסנעוואַלד...
כאָטש ס'איז האַרבסט שוין,
און אָט באַלד,
באַלד,
וועלן ווינטער־רעגנס
וואַשן וואָס דו האָסט צוריק־געלאָזן
אין די נעכטנס אויף די וועגן...
אַזוי לאַנג די צײַט איז אָפן,
לעב מיט דײַנע אותיות,
ווערטער, סטראָפן.

אותיות, ווערטער, סטראָפן,
וואָס־זשע דען בלײַבט
אויב ניט האָפן.
ס'האָט די וועלט פון וואָר —
אויף אַ האָר דאָס מענטשלעכע פאַרשלאָפן.
ערשט ניט לאַנג האָט אין דער הויך
זיך געדרייט אַרויף, אַרויף אַ
שוואַרצער רויך,
דורך די קוימענעס פון
קרעמאַטאָריע־אויוונס,
און פאַרשעמט דעם הימל.
נאָר די וועלט איז
אַלץ געשלאָפן.
אלף־בית פון מײַנע אָבות,
לויערט דען ניט
אין דער פינצטערניש,
צווישן אַלטע חורבות
ווידער יענער שוואַרצער תּליון ?
ס'זאָל זיך מער ניט טרעפן
וואָס סהאָט זיך געטראָפן,
ווען די וועלט פון וואָר
האָט איר חלום אויף אַ האָר פאַרשלאָפן...
וויל איך האָפן
אַז ס'וועט אַנדערש ווערן,
אותיות, ווערטער, סטראָפן.

אותיות, ווערטער, סטראָפן,
ס׳איז די פּען אין האַנט,
(מעג זי זײַן ווי ציטערדיק,)
דאָ, נאָך אַלץ דער שטאַרקסטער וואָפן.
בלײַבט טאַקע ניט מער ווי
גלויבן, האָפן,
אַז אַ דיכטער
וועט די שיינקייט
פון דער וועלט אַנטפּלעקן,
און די לענדער
נאָך אין קייטן,
און אין קלעם
פון שטעכלדראָטן,
וועלן עפענען די תּפיסות,
אַ פאַרפּײַניקטער וועט
האַלדזן זיך גאָר מיטן ריכטער.
דו, אַ דיכטער וועסט די
וועלט אויפוועקן,
איבער קאָנטינענטן, ימען,
און אַפילו אין די הרי־חושך...
אומעטום אין אַלע עקן:
איידער זינדיקן און שטראָפן,
וועט מען אינעם אלף, בית —
קוויקן זיך מיט
אותיות, ווערטער, סטראָפן.

# אין אָנהייב

ווי איינזאַם ביסטו
אלף
אין אין־סוף אויפגעגאַנגען.
אַהינטער דיר תּהום,
און ביז צו דײַן באַשערטער בית,
האָט זיך דער אייבערשטער פאַרטראַכט,
און דיך אַרויסגעשיקט אין רוים
צו זײַן דער אָנהייב...
אויך דער סוף
פון יענער לאַנגער, לאַנגער נאַכט.

ווי אַנדערש ווערט מען
אלף,
אין אָנהייב,
אין איבערגאַנג
פון אין־גם־אחד,
און זיך אַנטפּלעקן איין־און־איינציק,
אַנטלויפן
פון אַנגסט און אימה,
פון אוראַלטן אָפּגרונט,
און ווערן אחינו־אתה מיטן אות,
מיטן אות־באות
פון אייבערשטנס כּתב־יד:
בראשית.

איך געדענק דיך
אלף,
ווי אַמאָל אין חדר,
ס'פלעגן מייַנע ליפּן אַנדערש ווערן,
ווען אינעם אוצר פון די סודות,
האָט אות נאָך אות
שוין אָנגעהויבן
אין מייַן נשמה יערן.

נאָר ווי אַליין
איך בין הייַנט
אלף,
איך שטיי נאָך אַלץ פאַר דיר
אין אָנהייב;
אין יעדער רגע, יעדן טאָג,
הייב איך פון ס'ניי אָן
און איך טראָג
אויף מייַנע אַקסלען דיך אַרום.
אַזוי איז עס געווען.
אַוודאי דאַרף עס אַזוי זייַן.
איך זוך דיך אלף
אומעטום.

# אַבסורדן

דער אָנהייב —
אַן אורוואַלד פון אַבסורדן.

ווי אומקרויט וואַקסן
פחד־אותיות
פון אים אַרויס,
פאַרגייען
אין ווערטער אויסגעלאָשענע
פון אַנגסט,
פון אַנגסטן און פון ווייען.
די אלף —
אַ חלף.
וואָס מיר צעאַקערן,
צעשטערן די אַרמייען...
און אָדם לערנט זיך
דעם אלף־בית פון מאָרדן.
צי ווייסטו ניט
אַז איינער ציט דעם שטריק?
אַוודאי ציט ער אים...
און איך
און דו,
ווי איבעריק...
מיר ווערן אויך אַבסורדן.

דער אוהל פון אַרום
איז אָבער אָפן.
ביסט איינער דאָ,
אַזוי ווי איך
אין אָט דער איינציקייט —
אין אָט דער אייביקייט
פון אוניווערס.

קום לאָמיר דאָ
פאַרצייכענען
אין נײַעם אלף־בית,
אין ליד פון אָנהייב,
אַ נײַעם פערז.
אידעאַלן...
פאַלן.
אין אין־סוף קומט אויף אַלץ
און אַלעמען אַ סוף.
נאָר די אמונה
פון דעם אַלמעכטיקן
אין דיר,
אין מיר,
איז אייביק, אָן אַ שיעור.

# אַ בריק

איך וועל אַ בריק
פון לידער און באַלאַדן בויען,
אַ בריק
צו ביידע ברעגן
פון ברוגז־טײַך.
איך וועל מײַן שׂונא
באהבה ברודער רופן,
און אים געטרויען...
און אפשר וועט
מײַן דימיון
די וואָר באַפרײַען —
פון יענער מרה־שחורה :
קײַו.

די שׂינאה וועט במילא
אויף ביידע ברעגן
פון ברוגז־טײַך,
פון ברודיקן קאַנאַל —
אין דער באַנײַאונג בטל ווערן,
ווי אַ באָבע־מעשׂה, און באַנאַל.

באַשעפער מײַנער,
איך שטיי פאַר דיר,
עס פיבערט אין מײַן בלוט
בטחון.
אין אַזאַ רגע

האָב איך זיך אין
אַ דימיון
און ליד פֿאַרטראַכט,
ווײַל בערעלע
שלאָפֿט נאָך דערווײַל
אין בונקער,
באַזוקעס בויערן
אַדורך די נאַכט,
און בתיהלע שרעקט זיך
נאָך פֿאַרן טאָג
דעם בלויען.

ווי קיינמאָל נאָך
וויל איך אַצינד
אַ בריק
צו ביידע ברעגן בויען.

י״ז בחשון, תשל״ד

# באַפרײַ מיך בורא

כ'דערמאָן זיך ווי מײַן בוים...
דער בוים פון מײַן באַגינען,
פלעג זיך יאָר אײַן, יאָר אויס
אין טעג פון בעז
מיט בלויע זונאויפגאַנגען
צעגרינען.
די בערג, די בוקאָווינער בערג,
זיי זענען בולטער
אין ליכט געשטאַנען...
האָט פלוצעם זיך אַראָפּגעלאָזט
אַ וואָלקנברוך מיט בלײַ.
פון וואַנען בית,
פון וואַנען?
ווי האָט געקאָנט
דײַן בלויקייט, בורא,
פאַרוואַנדלען זיך
אין אַש און לאַוועגרוי,
ווי פאַרן אָנהייב פון
בראשית?
ווי ס'וואָלטן בליצן זיך געלאָזט
פון כמאַרעס,

און אָן אַ שליטה,
און דונערס בײַסנדיק
ביז טיף אַרײַן אין ביין,
ביז טיף אַרײַן אין בונקער...
אין דער בהלה, בראַנד און ברוכוואַרג,
און שטעכלדראָט און זשאַווער־בלעך...
דערנאָך די לאַנגע, לאַנגע באַנען —
וואַגאָנען
ווי פּאַר בהמות צו דער שחיטה,
פּאַר מײַנע ברידער, שוועסטער,
בײַם פּרוט,
בײַם דניעסטער...
פון בוכנלאַנד
צום ברעג פון בוג,
פון ברענענדיקע דערפער, שטעט
קיין בוכנוואַלד,
וואַגאָנען גרייטע, צוג נאָך צוג.

בית,
אַ בלעטל זײַן
אויב מיר איז נאָך באַשערט,
ווי לאַנג אין מיר רינט נאָך
דאָס בלוט פון בוים,
און יערט...

ווי לאַנג סע בינדט
דער דינער פאָדעם מיך
פון בענקשאַפט,
איך זאָל
ניט בלאָנדזשען אָנהאַלטלאָז
אין רוים...
באַפריי מיך בית,
באַפריי מיך בורא,
פון יענער מרה־שחורה.

## גורל

געהייליקטער אין הימל,
אין גאָרטן פון דײַן אלף־בית
האָסטו געפלאַנצט
אַ גימל,
אַז דער וואָס זוכט,
זאָל אינעם גרויסן גאָרטן גראָבן,
וועט ווי אַ לומד תּורה
בײַם בלעטל פון גמרא,
דײַן גאָב פון גנאָד
פאַר זײַן געצעלט,
און אויף די וועגן האָבן.

אויב אלף איז דער אָנהייב,
און בית איז וואָס באַשערט,
איז וואָס־זשע גאָט,
מיט יענער גימל פון מײַן גורל
געשען?
ניט איינמאָל האָב איך
אין גאָרטן פון מײַן גלויבן,
אַ גרילצנדיק געשריי פון גירוש
דערהערט:
אַרויס דו גר!

אין צערקווע האָט דער גרויער גלח
זיך פרום געצלמט:
„מאַריאַ, געטלעכע,
מסתּמא דאַרף עס אַזוי זײַן:
אין נאָמען פונעם פאָטער,
און פון דײַן זון,
פון גײַסט דעם הייליקן"...

געשטאַנען אויפן גאַניק, איז
מײַן שכן,
און בגנבה נאָכגעקוקט מיר.
זײַן בליק
האָט גוט געוווּסט
איך וועל ניט זײַן צוריק.
מײַן שכן...
„אַ גוטער גוי."

# געשיכטע

געווען אַמאָל...
אַזוי ווערט אַ געניטער שרײַבער
פון גורל
זיך גריבלען.
געווען אַמאָל...
אַ גרויסער, גרינער גאָרטן,
ווי פונעם הימל,
(און דאָ
מיט גענדזן־פּיסלעך)
„נאָר גאָט צו דאַנקען",
האָט זיך אַראָפּגעלאָזט
אַ שפּע פול מיט גימל :
מיט גוטס און גאָב,
מיט געטלעכע געשאַנקען.
קיין גדרים,
קיין גרענעצן
אין גאַנצן גרויסן גאָרטן.
נאָר דאָ און דאָרט,
אַ גלײַכער, הויכער באַרג־אַרויף
(אין רוים אָן אַ סופית —)
אין די געבערג פון קאַלעכשטיין,
גראַניט...
און דאָ און דאָרט,
אַ זילבערדיקער גאַרטל —
אַ גיכער שטראָם

גיסט זיך אַרײַן אין די געדערים
פון גרונטלאָזן ים.

געווען אַמאָל...
וועט ווײַטער די געשיכטע
דעם גילגול פונעם גרויסן גאָרטן
דערגרונטעווען.
פון גייער זײַנען שטאַמען...
נאָר אַרום די פעלקער,
איז אַ געוויטער אויפגעגאַנגען,
און אײַנגעהילט ס׳געצעלט...
און אויך מײַן הויזגעזינד
אין פלאַמען.
ווי יענער גייער גיי אויך איך,
און טראָג זײַן אומרו
אַרום אין זיך,
פון לאַנד פון מײַן געבורט,
אויף וועגן פון פאַרפרעמדקייט,
ווי ס׳וואָלט זיך גורל
מיט גלות גאָר צונויפגעפּאָרט.
געווען אַמאָל...
געווען, געווען,
וועט אַ געניטער שרײַבער
פון גורל, פון געשיכטע,
זיך גריבלען מיט אַ גראַם ;
וואָס איז געשען ?

## דאָליע מײַנע

דלת,
איך דערמאָן זיך נאָך
אין דאָרף די דווינע...
דווינע, דווינע,
דאָליע מײַנע.
צווישן דאָ און דאָרטן,
צווישן איצט און דעמאָלט,
אינעם דורכגאַנג פון די דורות,
אין דער דימיון־וועלט פון בורא,
אין מײַן אויסגעטראַכטן גאָרטן.
דאָליע מײַנע,
דווינע, דווינע.

דוכט זיך,
אַז אין זכות פון דיר
מײַן דלת,
דריי איך זיך אין אָרביט
פון דײַן דרך.
אָטעמט ניט אין דופק
פון אַ דיכטער,
אַזאַ אומרו־דראַנג?
צי אפשר גאָר
דערקוטשעט עס דער דיבוק?

דווינע, דווינע,
דאָליע מײַנע,
כ'הער אין מיר נאָך
יענעם דאָרפּישן געזאַנג,
טוט עס דאָ
אין דאַנטעשן אינפערנאָ —
דיסקאָ־גרויסשטאָט־רעש,
און דערווידער
פון רעקלאַמע־ליכטער...
טוט עס אַזוי באַנג.

האָב איך זיך דערטראַכט...
ווי איך קוק זיך אײַן אין
דיר מײַן דלת,
האָב איך באַלד פון שטענגל
זיך געשניצט אַ דרענגל,
און דעם דאַשיק
אויסגעלייגט,
אַ דאַך
איבער דלת־אמות
פון אַן אויסגעטראַכטער זאַך.
נאָר וואָס טוט מען
ווען די דיבוק־אומרו,
דרינגט און צווינגט, און ציט דיך...
ס'העלפט אויך ניט
דערמאָנען זיך אין יענער דווינע
פון אַמאָל.

ווײַט קלינגט זי אין יענעם טאָל,
און איך בין דאָ אויפן באַרג.
ווײל איך פליִען מזרח,
ציט עס מיך קיין מעריב.
דריגעט מיך דער יצר: צפון,
ווערט עס דווקא דרום,
און איך האָב יסורים.
דלת, דלת,
דײַנע דרכים,
דערנער צווישן דאָ און דאָרט',
נאָר בײַם שײַדוועג
שטייט אַן אַלטער דעמב,
דרימלט אײַן און דאגה'ט,
וואָס איך ריר זיך ניט פון אָרט.
דוינע, דוינע,
דאָליע מײַנע.

# דילעמע

דערהויבנסטער,
עס דוכט זיך מיר
איך דראַפּע זיך
אויף גלײַכע ווענט
פון מײַן דילעמע...
צי אפשר איז עס דײַנע,
דערלויב עס מיר דערזאָגן.
אַ גייער אינעם דורכגאַנג —
אין גרויסן דרויסן בין איך.

בײַם דרך־צלם שטייט
מײַן זון,
און האָט מער קיין אמונה.
דײַן וועג
איז פול מיט דערנער,
און ער איז מיד
די דלת פון מײַן דור
אויף זיך צו טראָגן.

עס דוכט זיך מיר
דערהויבנסטער,
די וועלט פאַרזינקט
אין אַזאַ מאָדנער שטילקייט.
אַ טונקלער מלאך —
דער מלאך פון הדומה טאַנצט
אויף פעלדער חרובע.

זײַן טאַנץ
ציט אונדז אַרײַן
אין קראַנץ.
אין אָט דער פוסטקייט קלינגט
מײַן תּפילה איצט,
הילכט אָפּ מײַן ליד
און ווערט פאַרלוירן צווישן קלאַנגען
ווי אַ דיסאָנאַנץ.

און דאָך איז ער
אַ דאָרשטיקער.
דערקוויק אויך אים...
אַ דימיון־וואַסערפאַל
זאָל זיך צעשפּאַלטן
אויף פעלדזן־שטיינער פון זײַן דור,
און פול מיט דראַנג,
מיט דרײַסטקייט,
זאָל ער די דיבוק־פּיאַווקע
פון אונדזער צײַט
באַוועלטיקן
מיט דווקא.

# הימל־האָן

האָרך מײַן ״ה״
ווי אין יענע הויכע הויפן,
אויפן בערגל מאָרגן־נעפּל־היי,
ס׳קרייט שוין העל דער הימל־האָן
און צעלאָזט זײַן קול ווי תּמיד,
הללויה׳דיק פון אויבן אָן.
ס׳האָט די זון־הון שוין געלייגט —
האָקוס־פּאָקוס הײַנט אַן איי.
און בײַם האָרזיאָנט, דער הויקער —
יענער באַרג דאָרט, ערשט אין הקדש
און אין פינצטערניש געלעגן...
גלײַכט אויס די האָרבאַטע פּלייצע,
און אין פּנים אַלע קאַרבן,
און ער פרעגט בײַ מיר אַן עצה :
וויאַזוי זיך הײַנט צו פאַרבן.

ענטפער איך אים באַלד אַזוי :
א. אולטראַמאַרין אינעם אָנהייב,
ב. ביסלעכווײַז באַגיס מיט בלוי,
ג. גיס אַרײַן סײַ געל, סײַ גרוי,
ד. דימיון־וויאָלעט פון דעמער,
ה. טו אין דעם אַרײַן מײַן האַרץ...
כאָטש אַ טראָפּעלע האַלוצינאַציע,
נאָר די פאַרבן פון התלהבות,
גיס אַרײַן אַ גאַנצן עמער.

# הירשן בלויע

ה ערסטו ווי די הימלען הילכן אָפּ אַלץ העכער,
ע מעץ עפנט אויף די טירן ווו איך שטיי און גיי,
נ ייגט צו מיר זיך נידעריק אַראָפּ ווי אַ האַלבע „ה״
י ענע יידישע לבנה און מיט ייִראה
א יינס ווער איך מיט איר איצט איבער אַלע דעכער.

ה ירשן בלויע הוידען זייערע הערנער העלער,
ע רב נס ווערט ליכטיקער, און ערגעץ־ווו אין רוים
נ עמט די נאַכט אַראָפּ אַן עפּל פונעם בוים.
י וס־טוב יאָגט אַוועק פון מיר דעם ייאוש, און אַ שטערן
אַ נטפּלעקט האָט זיך ווי אַ פּרי אויפן טעלער.

ה אָב איך העלפט פאַר דיר און מיר אין צווייען
ע רשט דעם עפּל מיט אַ שהחינו פרום צעטיילט.
נ אָר וואָס האָט אַ סאָווע אַלעמען דערציילט...
י שר־כּוח ייִדן, צוויי בני־שישים ווערן יונגער
א ון מען וויל זיך נאָך די ווײַסע קעפּ פאַרדרייען.

ב׳ בסיון, תשל״ח

## היפּאָפּאָטאַמוס

אַז אונדזער שטעטל
איז מיט שטעטלעך גלײַך,
דאָס ווייסט די גאַנצע וועלט:
פֿון סאַדעגערע ביז
קיין טשערנאָוויץ...
בײַ אונדז
קיין חילוק צווישן אָרעם, רײַך,
ווײַל יעדער האָט
די זעלבע זאָרג,
מען האָרעוועט
און לעבט אויף באָרג.
אַ סימן, פֿרעגט רב הירש,
רב לייב, רב קראָליק צי רב בער,
פֿרעגט אויב איר ווילט
רב פֿוקס,
צי אים רב וואָלף זײַן שווער,
אויך דאָס קעסאָקע מײַזעלע
אַפֿילו...
דאָס איז די סמעטענע
פֿון שטאָט
און איר קהילה.

קומט איינמאָל איינער גאָר
צו פאָרן.
אין אויסזען אַ באַלײַבטער,
און לויטן ייִחוס אַ באַווײַבטער,
נאָר על־פּי נאָמען זעט עס אויס
ער קומט פון אויסלאַנד,
און מסתּמא פירט
ער זיך אויף גרויס.
אין שול מען רעדט
אַרום שוין,
מען וויל...
אים רופן צו דער תּורה...
יעמוד,
נו, נו...
ווי הייסט ער?
נאָר קיינער, קיינער וואַגט זיך ניט,
דער רב אַליין
פאַררויטלט זיך...
אַ היקעוואַטער ציגנבאָק
גייט מוטיק צו
און האָט ניט מורא:

וויי־ווי, אוי רופט מע־מע
מען אײַך רב ייִד?
ה י פ אָ פ אָ ט אַ מ ו ס
עס ענטפערט שטאָלץ
און ווירדיק יענער גאַסט.
רב ציגנבאָק
פרוווט איבערזאָגן,
צעברעכט זיך זײַנע ציין...
הי־הי־הי־הי־פאָ־פאָ־
נאָר ביז צו טאַמוס גייט עס ניט.

וואָס ווײַטער איז געשען?
איך וויל פאַר אײַך
איצט ליבע ייִדן,
ניט האַלטן מער קיין סוד,
דעם סיפור מאַכן קורץ,
סע ווייסט שוין סײַ־ווי־סײַ
גאַנץ בראָד...
געהערט האָב איך עס פונעם שמש,
אַז נעלם איז ער גאָר געוואָרן,
און קיינער ווייסט ניט ווו
עס איז אַוועק
דער מיסטעריעזער היפּאָפּאָטאַמוס.

# װוּנדערלאַנד

צוויי וואָוון,
צוויי ברידער וואַנדערן,
זיי גייען האַנט אין האַנט
דור אונדזער ייִדיש וווּנדערלאַנד.
נאָר סאיז נאָך ווײַט...
דער וועג פון וואָגל,
אַ וועגצעשייד,
צומאָל דורך ווילדוואַלד,
דורך וויסטעניש
און ווינטער־ווײַסע טעג און נעכט,
און ווער ווייס נאָך ווי לאַנג.
נאָר וואַנדערט מען צוזאַמען, ברעכט
מען דורך אַ יעדע וואַנט.
ווען איינער רוט,
שטייט וואָגיק בײַ זײַן זײַט
דער צווייטער אויף דער וואַך.
ס׳איז איינער פאַרן צווייטן
אַן אָנשפּאַר און אַ דאַך
צוויי וואָוון ווי צוויי ביימער,
דער אָנהייב פון אַ וואַלד,
און אין דער טיפעניש
אַ וואָרצל,
וואָס ווײַזט דעם וועג צום שורש
און צו דער וועלט דיר באַלד.

צומאָל לאָזט זיך די וואָוו
אַליין אַרויס,
אַ חבר זײַן, אַ טרייסטער
פֿאַר יעדן אין זײַן גאַנג.
פֿון אָנהייב אות
צום ווײַטסטן אומעטום,
און צו דער תּו פֿון סוף, איז וואָוו
דער ניגון פֿון געזאַנג.
אויף גרויע וואַנדערוועגן,
איז יוד פֿאַר אים צומאָל אַ טרייסט
און אַ באַגלייטער,
צי ס'איז דער הימל גרוי צי בלוי,
איז גוט צו שפּאַנען אין
דער וועלט אַזוי.

ביינאַכט,
ווען ס'איז אַ פֿולע די לבֿנה
און ווינקט אַראָפּ פֿון אויבן,
איז מען מחדש זי,
און ס'פּינטל אין גאָטס גרויסן דרויסן,
צעשײַנט זיך פֿאַרן גאַנצן עולם,
אין ייִראה, אויף זײַן אופֿן —
אַ שטערן אין זײַן גאַנצער פּראַכט,
און אין מײַן אלף־בית
אַ חולם.

# זוניק ווי אַ זייפּנבלאָז

זינג מיר ז'יין, זינג און זאַלב מיך
מיט דײַן זאַנפטן זומער־זמר,
ווי בײַם וויגל פון זכרונות
ס'האָט געזונגען יענער פֿאַסטוך
אין דער שעה פון אָוונט־דעמער.

ז'יין איז דאָך דוכט זיך זיבן —
זיבן הימלען דין ווי גלאָז,
ווי אַ זעונג, ווי אַ חלום,
זוניק ווי אַ זייפנבלאָז,
זענען מיר נאָך יענער
זאַווערוכע,
אין קאָשמאַר און זומפּ געבליבן.

צווישן וואָוו ווי משה'ס שטעקן,
און אַ חית — אַ חלום־טויער,
שטייסטו ז'יין און דו נעמסט מיך
בײַ דער האַנט אָן הייסט מיר זוכן
זערנעס שטערן ווײַט אין זאָדיאַק,
סודות אינעם ספר זוהר.

צווישן וואָוו און חית... אַ ז׳ייַן,
חברט צו זיך אָפּט אַן ע׳ין,
זאָגט עס צו מיר, זינגער, זע:
זאָלסט אין זכות פון זמן, פון מאָרגן,
וואָס קומט וויַטער, זיך ניט זאָרגן,
ביז צום סוף וועט עס נאָך סטייַען,

ז׳ייַן, זאָגסט און זינגסט מיר
פון אַ יעדן זייַטל אין זכרון,
יעדער אות און יעדער זילב,
זאַמט זיך ניט און זינגט פון זייגער,
ס׳זינגט דער זייגער פון די יאָרן.

ווי בייַם וויגל פון זכרונות,
ס׳האָט געזונגען יענער פּאַסטוך,
אין דער שעה פון אָוונט־דעמער...
זינג מיר ז׳ייַן, זינג און זאַלב מיך,
מיט דייַן זאַנפטן זומער־זמר.

# חידות און חידוש

פיר מיך חית אַרויף אין חלום
צו דעם חכם פון די שטערן,
ווי אַ חסיד צו זײַן רבין.
כ'גאַר ער זאָל אין מיר די חידות,
און מײַן חידוש אויך דערקלערן.

איך געדענק נאָך
ווי אַמאָל אין חדר,
ס'פלעג מײַן חשד אין יענע יאָרן
מיט חציפות חקרנען זיך,
חכמהן זיך כּסדר.
איך אַ חלוש,
אַ בר־מצוה ערשט געוואָרן,
האָב איך שוין חילוקי־דעות
מיט אַ ווײַסער באָרד און פּאות.

הײַנט, פאַר שקיעה,
קער איך אום זיך,
חית, צום אָנהייב,
זוכן אין מקור־החיים,
דײַנע וואָרצלען...
צי אין חיבור צי אין חיסור,
ווערט מען פון דעם חשבון,
פון די צווייפלען פריי.

חית, אין אלף־בית פון חדווה
ביסטו חלום, און צײלסט חי,
און אין יענע חומש־ספרים
וואַרטסטו דאָך אויף מיר מסתּמא.

ערגעץ־וווּ נאָר אין זכּרון,
חית פון אַלע מײַנע חיתן,
קלאָגט אַ יאָרצײַט־ליכט אין דיר
אינעם חושך פון די יאָרן,
יענע חשכות, יענעם חורבן,
כ׳זאָל חלילה ניט פאַרגעסן.

**פלוצעם**
איבער מיר אַ שטערן־חופּה...
פונעם געטאָ,
וויסט און חרוב,
שוועבט אַ כּלה מיט איר חתן,
און אַ ריידל פון קלעזמאָרים,
גאַנץ מיט בלוילעך ליכט באַגאָסן,
ווי ס׳וואָלט עס שאַגאַל געמאָלן.
חית, מײַן חלום,
איז עס וואָר צי איז עס חלום?

# טאָגבוך

אַ טאָג
אין טאָגבוך פון זכרון
הייבט אָן אין ערשטן מאָרגנגרוי.
סע טונקט די פען פון פרייד
זיך איַין צומאָל
אין טינטער פון מיַין טרויער,
פאַרצייכנט עס אַזוי:
אויף יענער זיַיט פון טויער,
אַ טראַקט, אַ טאָלעקע,
און מיַינע גרינע טריט.
דער לאַן פירט מיך אַרויס
ווי אין אַן אויסטערלישן טאָל —
אין טענענבוימער־טאָל
פון פרוט.
דער טיַיך טרעפט מיך
אין מיטן וועג...
אַ דאָרף לויפט נאָך מיר
ביז צו דעם ברעג...
די גוטע ערד איז בלוי,
וויַיל מיר איז גוט.

נאָר צווישן מיר
דעם פאַסטוך פון די וונדערס,

און דאָרט אין פעלד
מײַן ברודער עֵשָׂו...
אַ טורעם...
נאָר ניט פון חלום־עלפנביין,
פון מורא,
אַ טונקלע וואנט צעטיילט אונדז,
בײַם פלויט
וואַרט שוין אויף מיר
מײַן ערשטער טויט.
צי איז דאָס אַלץ
געווען אַ טעות ?

דער טראַקט פירט ווײַטער,
ער פירט צום שוואַרצן ים,
און דאָרט, אַ שיף...
אַ טויער צו
אַ נײַעם גלות.

## אַ נײַער טאָג

כ'האָב ליב
דאָס פּנים און די הענט
צו טובלען אינעם ערשטן ליכט
פון מײַן זכּרון,
און אויב די פּען
טונקט אײַן זיך אין דער טינט
פון אפשר, צי פון טאָמער,
פאַרצייכנט עס מײַן בענקשאַפט
אין וויאָלעטן דעמערליכט
פון מײַנע יאָרן.

דער טראַקט פירט ווײַטער...
ציפּרעסן, אײלבערט־ביימער
דערמאָנען מיך אַז איך דערנענטער זיך
צום טאָל פון מײַנע אָבות:
דאָ חבר איך זיך
מיט טאַמאַריסקן־קוסטעס,
די אײקאַליפּטוס־בשׂמים
פאַרשטעלן מיר דעם וועג...
אַזוי רעד איך מיר אײַן
אַז איך בין גובר גאָר
די מורא...
די מורא פאַרן טאָגן פונעם סוף,
און פאַרן טעות,
אין טאָגבוך פון די טעג.

איך דאַנק דיר גאָט,
אַ יעדער טאָג
טײַטשט אויס אין מיר
מיט טביעות־עין
אויף מײַנע װעגן יעדן טראָט,
נאָר איך װיל װײַטער
זיך טובלען אין די טראָפּנס ליכט
פון מײַנע טעות־טרוימען.

אַ פּערל טוי
װאָס ציטערט אויף אַ שילף
און קײַקלט זיך אַראָפּ פון גראָז,
מאָלט אויס פאַר מיר
די גרויע װעלט
קאַיאָריק ראָז',
און ס'דוכט זיך, גאָט
אַז מײַן נשמה טרינקט מיט תּאווה
אַ טראָפּן פון דײַן הילף,
און ערגעץ־װוּ
אין ערגעץ־װוּ,
אין פאַרבן־גליװער פון
דער אויסגעטראַכטער װעלט
דערקען איך זיך
אין שפּיגלבילד פון קװאַל,

אַ יעדע רגע, דוכט זיך,ריזלט
ווי איבער קיזלשטיינער
אַראָפּ צום טײַך
אין דימיון־בלוי...
טורקיז,
טראַנסצענדענטאַל.
אַ טרייסל פון אַ בריז,
אַ טראַף צומאָל טוט מיר
דעם טלית אָן...
אַרום מיר וואַרטן שוין די שוואַלבן,
איך טייל מיט אַלע פייגל זיך.
מה טובו זאָג איך שטיל...
און אהליך יעקב —
עס טרעלט פון יעדן נעסט.

ווען ס׳טריפט מיט שלום
צו מיר אַראָפּ פון יעדן בוים,
דאַנק איך דיר גאָט
פאַר יעדער רגע,
פון טרייסט.

# ירושה

יוד,
אין שול, אין אלף־בית
האָט מען אויף דיר געוואַרט,
דו ביסט דער צענטער שוין
אין מנין.
אין אייבערשטנס יצירה,
פיל איך דיך קלאַפּן ווי
מייַן האַרץ,
ביסט דער יסוד אין בנין,
אין וואַלד פון יהדות פירסטו מיך
צום יִראה־בוים פון דימיון.
דורך טונקלע, שטורעמדיקע נעכט
אויף ימען פון יללה, פון יסורים
פלאַמט אויף דייַן ליכט
צו דער יבשה,
אַן אויסגעשטרעקטע האַנט ביסטו,
מעג זייַן אַרום מיר טיפער אָפּגרונט,
נאָך דער ירידה קומט ישועה,
אַזוי פאַרצייכנסטו עס יוד
אין ספר פון די ספרים.

בייַם ירדן אין מייַן חלום,
האָב איך, אַ וואָגלער, דיך דערזען.
הייַנט בין איך אויסגעלייזט,
הייַנט בין איך אין דער היים

יד־אחת מיט די צען.
ווי שטאָלץ בין איך, מײַן יוד!
איך פיל דיך אין מײַן בלוט,
דו ביסט די אייביקייט
פון פאָלק ישׂראל,
אָ הייליקע ירושה.
ס׳ווערט יום־טובדיק מיר אויפן האַרץ
ווען כ׳פיל ווי אַלטן גוטן ייִן
דיך אויפן גומען.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אויך דו, מײַן זון, יהודי,
און ירוש מײַנער,
אויב דיר איז שווער צומאָל
מײַן מאַמע־לשון ייִדיש...
געדענק,
דיך האָט געבענטשט אַ מאָל
ה. לייוויק,
און דיך באַשאָנקען מיט
אַ נאָמען.

מײַן אייניקל,
דײַן קינד וואָס ערשט געבוירן,
אין אונדזער עדה
דאָס קלענסטע פינטעלע פון ייִד...

גיב דו אים איצטער אויפן וועג
מיט ייִראה,
און מיט דײַן יוגנטלעכן ברען,
די ליבשאַפט, און דעם ייִחוס,
די לייוויק־הייליקע ירושה,
אַ ייִדיש ליד.
ער זאָל אין זכות פון אים,
זײַן איינער פון די צען.

# כערוביני

אַ כמורנער הימל...
אַקאָרדן כּאַאָסדיקע כליפּען אויף,
אַנטקעגן שוימט און כליאַפּעט
אַ כוואַליענדיקער ים.
עס הערט ניט אויף
אין טונקל־גרויען טאָג אַרײַן
צו רעגענען מיט פּײַכטן שימל.

אַ פרעמדער שפּאַנט —
לואידזשי כערוביני...
דער וואַסער־טרעגער שעפּט
די עמערס אָן מיט כמאַרעס
און לאָזט זיי ניט אַרויס
פון האַנט.
די האָר אין ווינט,
דאָס העמד צעכראָסטעט,
די אויגן ליידיקע, אַ האַפּן,
נאָר ס'וועלן דאָרט ניט אַנקערן
פון ווײַטע לענדער,
שיפן,
ווי מידע וואַנדערער,
ווי שדים.

נאָר ערגעץ־ווו ברומט קוים
אַ נעפּל־האָרן...
אַ כמורנער עפּטיאַף...
פֿאַרצייכן איך דאָ אין כּתב־יד
פֿאַר אַלע כמאַרעס אין דער כראָניק,
ווי דאָ בייַם ברעג,
ס'ליגט ווי אַ שיפֿל אויף אַ זייַט
מייַן טרויעריקע כּף.

# לי טאַי־פּאָ

לענג אויס בײַם טײַך
פון ליכטיקע לבנה־יאָרן,
אין דמיונרײַך
פון יוגנטלעכן לכתחילה,
האָסטו אַנטפּלעקט זיך למד,
אַ בלוילעך, לילאַ לאַן.
דורך לאַנקעס פון לעגענדע,
דורך וועלדער פונעם ליד...
ביסטו מיר ליב,
אויך ליד געוואָרן.

האָב איך די לאַנדשאַפט
מיט לוסט און לײַדנשאַפט
נאָר ווי אַ כּישוף־נאַכט
אַדורך געוואַנדערט,
און ווי אין ברונעם ביז צום דנאָ,
דעם עמער דרייסט
אַראָפּגעלאָזט...
איז מיטאַמאָל אַרויס
פון אַלע חלום־שאָטנס
לי טאַי־פּאָ,
זײַן לוטע אין דער האַנט,

די לידער,
ווי לאָטוס־ליליען אויפֿן טײַך...
אין שיכּרות־בליק,
אַ לויטערע ווי ווײַן —
די מיטנאַכט־שעה.

# מאַמעליגע מיט מילך

מאַמע מײַנע,
מאַמע,
ס'איז שוין מער ווי
מיטן וועג אין מיר.
און ביז מעריב־זײַט
פון משל זיך מטריח זײַן,
איז שוין דער מהלך
באַלד בײַם שײַדוועג פון מסתּמא...
מיש איך ממש אויף אַ בלעטל
אינעם ספר פון קאַיאָר —
מײַן פרימאָרגן,
זע איך מיטאַמאָל דאָס דאָרף —
אונדזער הויז, דאָס אָפּגעברענטע,
אויך די שטאַל, וואָס
יענער גוי האָט אין זײַן
שׂינאה אָנגעצונדן...

מײַנע אויגן לייענען ווײַטער:
ווי די באָבע רחל ז״ל
איז געוואָרן איינס, מיט
יענע פלאַמען,
און די ציג, די שוואַרץ און ווײַסע,
האָט געברענט מיט
איר צוזאַמען.

זײַ מיר מוחל, מאַמע מײַנע,
זאָלסט פֿאַר מיר זיך
דאָרטן מיִען,
וואָס איך האָב דאָס בינטל
מרה־שחורה,
אויף אַ רגע אויפֿגעבונדן.

כ'זע דיך
ווי אין חלום,
ווי דו בעטסט בײַם מלך עליון...
מזל, נאָר אַ טראָפּן —
לויט זײַן ווילן,
יענע שווערע צײַט פֿון
מאַנגל און מלחמה,
איבערקומען, און דעם
הונגער אײַנצושטילן,
ס'זאָל אויף פֿעלדער
ווידער וואַקסן.
ס'זאָלן מאָלן אַלע מילן,
גאָלדענע מאַמעליגע
פֿאַר דײַן משהלע דעם קלײנעם,
און אַ קו זאָל מעלה־גרהן,
זיך צו מאָרגנס לאָזן מעלקן...
פֿרישע מילך און מאַמעליגע...

איך דערמאָן זיך
מאַמע מײַנע,
דײַנע הייסע מאַמין־טרערן.

הײַנט ווען דו ביסט
שוין אַ שטערן,
ערגעץ־ווּ אין
זילבער־ווײַסן מילכוועג,
און איך בין נאָך
איינער פון די היגע...
זאָג, צי וויסן זיי דען
דאָרט אין הימל,
יענעם טעם פון פרישער מילך
מיט מאַמעליגע?

## אַ משכּון

אין אַ הייסן טאָג פון תּמוז,
כ׳ווייס אַליין ניט
וויאַזוי פון וואַנען,
אין אַ צײַט פון
שיכּורע קאָזאַקן,
בין איך
מיטאַמאָל אַרויס פון מילטער,
און פון אויוון קוים דערבאַקן.

מילא...
אין דער ערשטער
שווערער מי פון
ווערן עלטער,
מורא און מלחמה־לײַדן...
ניט געווען פון וואָס
דאָס מעסער
זאָל פון ברעקלעך
מוצאס קענען שנײַדן...
ווען די מאַמע
האָט שוין יאָ מיר
צוגעטראָגן פּאַרעדיקע,
פרישׂ׳ געמעלקטע מילך,
האָב איך דווקא
מיט אַ הילך

זיך צעוויינט,
גאָר געוואָלט אין וואַלד אַנטלויפן,
הערן די קוקאַווקע
קלאָגן שטיל איר
מאָרגן־תּפילה.

מאַמע,
כ'בעט בײַ דיר מחילה,
וואָס איך האָב אין וויגעלע
שוין ניט געוואָלט
ווי קינדער רוען.
אַזאַ אומרו
האָט געמאַטערט,
און אין האַרץ גענומען טליִען.
אַזאַ ווונדערלעכער טרוים
האָט געוואַרט אויף מיר
אין גאָרטן,
וווּ דער אַלטער
עפּל־מעשׂה־בוים
האָט אַרײַן גענומען
מיך אין מיטן.
איז אַ ווונדער מאַמע,
וואָס שוין דאָרטן...
האָב איך ס'מזל —
ווי אַ משכּון,
פאַר מײַן גורל אויסגעביטן ?!

# נע־ונד נסיעות

צווישן מם און סמך,
נאָר מײַן נײַגעריקע נון.
נעמט זי אָן מײַן האַנט,
כ׳לאָז זיך פירן,
נע־ונד נסיעות
עפענען מיר אויף די טירן.
פלוצעם גייט די נון
איבער מיר אויף
ווי אין פלאַמען,
ווער איך רויט
מיט איר צוזאַמען...
ווערט זי נײַגעבוירן
ווי אַ נאָמען,
ס׳איז אַ נס, אַ זון.
וואָס־זשע קומט מיר
אויס דערפון?
אַז פאַר מיר שטייט
נאָך אַ וואַנט,
און דער וועג ביז סמך —
ווי אַ נײַלאַנד
איז נאָך אומבאַקאַנט.

נון, אין זכות פון דיר
מעג איך אפשר
נעלם ווערן
ווי אַ נסתּר
אויף די וועגן פון נאָמאַדן,
סײַדן
ס'וועט דער ניגון,
און דײַן לאַנגע נון,
מיך צו נעילה באַלד
שטילערהייט פאַרוויגן.

## אין ניגלה פון מײַן נויט

מײַן ליבער נאָמען,
איך נייג פֿאַר דיר
זיך איצט
אין ניגלה פון מײַן נויט —
די נויט פון אַלע נויטן.
דער נוגש און דער נואף
באַגיסן זייער ברודערשאַפט
מיט סמאָלע, נאַפט,
און נידערן אַראָפּ
אין שיכּרות נאָך נצחון.
זיי זאָלן ניט
אין נביאס אלף־בית,
אין גאָרטן,
די נון —
די זון פון דער נשמה טויטן.

איך שטיי פֿאַר דיר
ווי נעכטן נאָך,
אַ נאַקעטער
בײַם גרויסן דרויסן טויער
פון יענער נעפּלדיקער נאַכט.
לאָז מיך איצט ניט
אין נאָמענלאָזן נישט,
וואָס דו האָסט אויכעט אויסגעטראַכט,

ווי אַ פֿאַלנדיקער שטערן
נעלם ווערן.
גיב כּוח מיר
כ'זאָל גובֿר זײַן די נאַכט —
דעם שוואַרצן ליגן —
די ברודערשאַפֿט פֿון נאַפֿט.
גיב כּוח מיר
איך זאָל אין זכות
פֿון דער נבֿואה,
פֿאַר אַלע דורות זינגען
דעם אַלטן נײַעם ניגון.

# סודותפולע סמך

אברהם סוצקעווערן

צווישן נון און ע׳ין
פירט אַ סטעזשקע בלוי
צו אַ סודותפולער סמך —
זאָל עס טאַקע
אויפן חלום־וועג נאָר סטײַען.

אמת,
אין די סמך־יאָרן
זענען שוין די טעג
אינעם ספר חיים
קלענערער געוואָרן,
און דער רינג פון גורל
דרייט זיך,
ס׳דרייט דער אות — דער רינג זיך
גיכער אַלץ, אין אַ ספּיראַל...
ווערט מען מיטגעריסן
אינעם דריי פון סערפּענטינען,
ספקות, סתּירות,
ווו־אַהין ׳עו.

נאָר אין סאָד
פון אותיות, ווערטער,
סטראָפן,
האָב איך דיך
אויסטערלישער זינגער —
יורש פון דער סאַמע סמך,

מיט אַ פידלרויז געטראָפן.
שטיי איך פאַר אַ
רעטעניש, טשיקאַווע,
און איך וויל אַרײַן
אינעם סאָד פון סטראָפן,
צו דעם קערנדל פון סוד.

פרעג איך זי,
די אַלטע סאָווע:
איז עס אמת,
אַז דעם שליסל צו דעם ווו —
גיט גאָר דײַן
האַלבנאַכטיקער בו־הו, בו־הו,
נאָר דעם עקשן
וואָס וויל זיך פון
וואָר און וואָך באַפרײַען?

צו אַ סודותפולער סמך,
פירט אַ סטעזשקע בלוי,
צווישן נון און ע׳ין.

# אין מיטן פון די סמך־יאָרן

ס'איז סיון־צײַט.
די שעהן זענען לאַנג שוין
שבועתדיק צעגרינט...
באַגלייטן זײַ מיך איצט
אַרײַן,
אַרויס פון פעלד.
די טריט פאַרלירן זיך
אין יערנדיקן ווייץ און קאָרן.
איז גוט אַזוי...
פאַרוואָס־זשע אייבערשטער
דערמאָנסטו מיך
אַז כ'שטיי שוין אין דער מיט
פון מײַנע סמך־יאָרן ?

איך קוק אַרײַן
אין ספר פון דײַן סדר...
אין אָרביט פון דער אלף
קרײַזט אַרום די בית, אַ גימל...
אַזוי האָסטו מײַן האַר
פאַרזייט פאַר אונדז אין הימל
די סודותדיקע אותיות,
אַז צווישן נון און ע'ין
זאָל קרײַזן אינעם רוים —
אין אלף־בית פון דײַן יצירה :
אַ סמך...

אַ סימן פון דײַן רעיון,
צומאָל סאַטורניש װי אַ רינג
אַרום אַ שטערן,
צומאָל װי אַ סאַמעט־מענטעלע
אַרום דעם תּורהדיקן קערן.

אַמאָל, אַמאָל,
אַזוי דערמאָן איך זיך...
נאָכן אינעם שפּראָץ
פון מײַנע קינדערישע יאָרן,
װי ס'פלעג רב סענדער דער מלמד
מיך קאַנטשיקן אין חדר,
װײַל כ'פלעג פון סידור,
אין דימיון־װאַלד כּסדר
צו מײַנע סאָסנעס לױפן.
דער װאַלד פלעג דעמאָלט
װי אַ גרױסע סוכּה מיך באַהאַלטן,
און איבער מיר זײַן סכך —
אַ בשׂמימדיקן דאַך צעשפּרײטן.

הײַנט שטײ איך, האַר,
אין מיטן פון די סמך־יאָרן,
און סאַראַ פּחד, פאַר
דער סמך סוף,
װאָס װעט מיך באַלד
אַהין באַגלײטן.

# עגאָ... אַלטער עגאָ

ע׳ין.
עפּעס אין מיר עגבערט,
עסט מיך,
און איך קען דעם ענטפּער
נאָך עד־היום ניט געפינען.
כ׳ווייס ניט צי ס׳הייבט אָן מיט עגאָ,
צי מײַן אַלטער עגאָ איז עס
וואָס טוט אָן מיר עגמת־נפש,
נאָר אַראָפּ צו גיין פון זינען.

אינעם עגאָ,
זאָגסטו ע׳ין,
האָט זיך איינער ווו באַהאַלטן...
רעדט ער פון דײַן עגאָ
מיטן אָפּקלאַנג ווי אַן עכאָ...
און דער עיקר אַז דו מיינסט גאָר
אַז דײַן עגאָ איז צעשפּאַלטן.

איינער אין דיר פּירט זיך
ערלעך, עטיש,
עכט אין עצם און עסטעטיש,
וואָלט געוואָלט דעם פולן עמער
מיט עשירות,
פאַר דער וועלט צעטיילן.

נאָר דער צווייטער
איז אַן עקשן,
ערגערט עלנטיק זיך,
ווי פּאַטעטיש.

איינער לאָזט זיך אויף עליה,
ווערט ער אַן „עולה חדש",
און דער צווייטער —
אַן עניגמע...
אַ פּאַספּאָרט גאָר טראָגט ער דווקא
אין זײַן אַלטער עגאָ
בוזעם־טאַש.

ע'יִן, ע'יִן,
ענטפער מיר איצט אויף דעם ענין.
כ'פּיר שוין סײַ ווי סײַ —
מיט זיך אַ דיאַלאָג...
ס'איז אַן עוולה על כּל־פּנים
אַז אין מיר זאָל
גאָר מײַן עגאָ,
ניט בשלום זײַן מיט זיך אַליין...
ענדיקט דאָ זיך
איצט מײַן עפּילאָג.

# פּאָליטיק

איידער פּאָליטיק זאָל
ווײַזן מיר איר פּרצוף־פּנים,
איר פּלאַטפּאָרמע פאַר פּחדנים,
פול מיט פּילפּול פאַר נאַראָנים,
פּלאָטקעס און אינטריגעס
אַרום בענקלעך און פּאָזיציעס...
פּרעזידענט פון דער פּאַרטיי,
זאָג איך פּראָסט און פּשוט,
פּונקט ווי דאָס פּאַנדאָראַ־קעסטל
איז עס מיר דערווידער,
„פּא".

כאָטש אין לאַנד פון די פּאָעטן,
אין פּאַרנאַס פון ליד און פּראָזע,
לײַדט מען אויך פון דער פּסיכאָזע...
און מען בײַסט זיך,
און מען רײַסט זיך
נאָך אַ פּענעץ פּונעם פּדיון,
פיר מיך
„פּא",
צו די פּרקי אָבות, ווײַטער,
צו דער פּרשה פון דער וואָך,
אין אַ רגע ווען איך קען, אויך
צו אַ זײַטל פון ספּינאָזאַ,

לאָמיך פּראַוועט יום־טוב
אויפן פּאַרמעט,
מיט אַ פּראָסטער געגדזענער פּען.
ס'איז מיר גוט אין גאָרטן
פון די אותיות,
ווי איך שטיי און ווי איך גיי.
פּיר מיך, פּיר מיך
„פּאַ".

## פאַרבן פון פרימאָרגן

אינעם אויפגעגאַנגענעם פרימאָרגן
מונטערט העל די פרייד אין פענצטער
פינקלענדיק און פריש.
דאַנק איך פאָטער דיר, וואָס
דו האָסט ווידער
מיך אַרויסגעפירט פון
פאַרבלאָזן פאַרלעשן —
פינצטערניש.

ס'אָטעמען די אויגן פריַער,
עמעצער גיסט אָן אין ליכט מיר
פול דעם ערשטן כּוס,
און די פלאַש פון פיַער־פאַרבן
ווערט ניט ליידיקער דערפון.
לאָז איך פליִען מיַנע פייגל
פריַער ווי די פערזן
אינעם פעלד און וואַלד פון ליד.
נאָר איין פויגל
פיבערט אומרו:
פא...
ריש...
יוד און דלת: פריד.

זאָג־זשע פּאַ...
הייסט עס טאַקע,
אַז פֿון דיר
ביזן פֿאַרגיין,
העלפֿט ניט יאָ, און
ס'העלפֿט ניט ניין...
ווײַל אין אָנהייב שווין,
ווו אלף,
דאָרטן ליגט שוין תּו פֿאַרבאָרגן...

דאַנק איך פֿאָטער דיר,
וואָס דו לאָזט מיך
פֿרײַ צעשפּרייטן
מײַנע פֿליגל,
אינעם בלויען חלום.
ס'מונטערט העל די פֿרייד אין פֿענצטער,
אינעם אויפֿגעגאַנגענעם
פֿרימאָרגן.

# אַ צדיקת

בורא, זאָג מיר,
כ'זוך אין הימל דעם באַטײַט,
װעמענס מאַמע פון פאַרצײַטנס,
האָט ניט אױסגעלײזט אין האַרץ
אַלע צרות פון דער צײַט?

איך געדענק זי —
די צדיקת,
אירע צאַרטע הענט
פלעגן שטום פאַרגלעטן
אַלע צײכנס פון דער נױט,
פאַרן הױזגעזינד —
אָ, די קאַלטע װאָר, די האַרטע װענט...
און צעצינדן פלעג זי
װאָס איז שױן געװען פאַרלאָשן,
און פון גאָרנישט פלעג זי
צױבערן
אַ צוקערל, אַ גראָשן,
און די צוקונפט איז געװאָרן
מיטאַמאָל אַצינד.

װי אין חלום זע איך זי...
שבת איז אַפילו
אין דער שטוב דער אָרעמסטער...
ס'האָט זיך אָפּגעשטעלט די צײַט.

ציכטיק, אויסגעצוואָגן
זיצט אַ צנועה איבערן ספר —
יענע אַלטע צאינה־וראינה,
און עס דוכט זיך
אַז די שכינה
אויף איר פנים האָט הנאה.

נאָר פון צײַט צו צײַט,
קאַפּען שטיל אַראָפּ...
טרערן פאַלן
אויף די בלעטער די פאַרגעלטע,
וועלכע האַלטן זיך שוין
אין צעפאַלן.

פאָטערל אין הימל,
כ׳היט אין מיר נאָך
איר אמונה
ביז איך וועל די תּו דערגרייכן —
איר צוואה
זאָל מיר זײַן אין
וועג אַ צייכן.

# אויף קבֿר אָבֿות, א

אין קראָפּעווע אוןווילדגראָז,
פֿאַרזונקענע מצבֿות, קרומע —
קבֿרים ווי אין קיינעמסלאַנד.

אַ קדיש פֿאַלט אַראָפּ
ווי אַ קאָמעט...
ווי איך בין היינט אַהער
אַראָפּגעפֿאַלן,
ווי ביים פֿאַרלעשן,
און איינער פֿון די שטומע.

צוויי שוואַרצע קראָען איבער מיר.
זיי קראַקען, קרעכצן,
ווי אויף קאַטאָוועס...
קען זיין זיי גלויבן מיר ניט
אַז איך בין דאָ,
ביים קילאָמעטער־שטיין
פֿון ייאוש און געוויין־
אַז איך בין דאָ
אויף קבֿר אָבֿות.
ס'איז קאַלט מיר, כאָטש
ווי קאָן אַ פֿראָסט
אין חודש תּמוז זיין.

אַ קאָזע פּאַשעט שטיל
דערנעבן,
און טראַכט אין גראָז —
אין ענין זיך אַרײַן,
צי בין איך אויף אַן אמת דאָ,
צי בין איך גלאַט
פֿון װײַטנס אַ קוריאָז.
ער טוט אַ שאָקל מיט זײַן באָרד,
און לאָזט
צום קוואַל פֿון זײַן חיונה
אַראָפּ די נאָז.

אין קראָפּעװע און װילדגראָז,
מצבֿות אײַנגעזונקענע —
װי אין אַ פֿרעמדער אומה,
פֿאַרלױרענע,
װי בעטלערס אַלטע.
און איך גײ נאָך זײ
טראָט נאָך טראָט,
— — אײנער פֿון די שטומע.

טשערנאָװיץ, 1978

# רעש

איך האָב די רו
אין רונדן קרײַז פֿאַרלוירן.
די ריש
איז אומרו
אין רעש פֿון דעם געדריי
געוואָרן,
און איך האָב ווו־נישט־ווו
די לעצטע באַן
צו מײַן באַפֿרײַונג —
אין יענער ריכטונג אָנגעווירן.

שטיי איך אין קרײַז,
אין סאַמע רעש,
און דעם געראַנגל
מיט ריזיקע ראָבאָטן,
דער וועג ווערט מיר פֿאַרשטעלט,
פֿאַרווערט
פֿון כּלערליי געבאָטן,
די שטאָט ווערט רונדאַרום
אַ לאַבירינט
פֿון ראַדיאָ־הילכער, דראָט און רערן.
איך בין שוין לאַנג
אַ קרבן דאָ אין רינג און רעש
פֿון rock-and-roll,
די ריש פֿון רו

קאָן פונקט ווי איך,
זיך אין רעקלאַמע־רעש ניט הערן.

איך ווייס, אָ, ריש,
די רעדער דרייען זיך
פון רו ביז רו —
אַז רוח־חיים רירט מיך אויך
פון אָרט צו אָרט...
ביז ס'קומט די רגע...
זי רוקט
די ריגלען פלוצעם צו,
און איך וואָס דריי זיך דאָ,
און גאָר אין איילעניש,
דערנענטער זיך צום אָוונטרויט.

יאָ, איך פאַרשטיי,
אַ רמז בין איך בלויז,
אין דעם געדריי
פון גרויסן רעטעניש.

# אונטערן שאַרף פון שווערד

צי איז שלום
נאָר אַ רגע שטילקייט
אין דער שלאַכט, צי שטורעם...
און די שוועל צו שלווה
נאָר אַ חלום?
ענטפער, שין, מיר אויף דער שאלה.
כ'בין אין דורכגאַנג
דאָ אין טאָל פון שרון,
לויטן שורש אויף אַ ווײַלע.

שקיעה־צײַט,
ס'שיינט די זון אַ פלאַמיק רויטע.
שין, די גאַנצע וועלט שטייט
אונטערן שאַרף פון שווערד.
ס'דוכט זיך אַז אין שאָטן
שפילן שדים זיך מיט טויטע.
מיטן גורל פון דער ערד.
לענדער ווי די קעסטעלעך אין שאַך,
און די שפּילערס
אייביק אײַנגעטיילט,
צווישן שטאַרק און שוואַך,
צווישן שטומפּ און שאַרף,
צווישן שולד און צווישן שטראָף,
צווישן שטײַגן און פאַרזינקען,
צווישן שווימען און דערטרינקען,

צווישן שוידערלעך און שיין,
צווישן שלווה און געוויין...
און דער שקר
שאַלט פון אַלע קירכן־גלעקער.

ענטפער שין מיר,
צי איז שלום
נאָר אַ רגע שטילקייט
אין דער שלאַכט, צי שטורעם...
און די שוועל צו שלווה
נאָר אַ חלום?

# תפילה

מײַן תּמידיקער,
עס קומען זיך צונויף די טעג.
אין תּוכן פון דײַן אלף־בית,
ביז צו דער תּו —
האַלט איך אין מיטן וועג.
אויף יענער זײַט פון דאָ
ווינקט שוין די נאַכט...
די בלויע טעג
פון תּחילת,
פאַרדעמערן אין שקיעה רויט,
און איך דערקען זיי קוים
בײַם שוואַרצן שוועל
פון אין־סוף, פון תּהום.

מײַן האַר,
ניט פאַר דער נאַכט
ווערט פאַרכטיק די נשמה...
איך ווייס,
בײַם אָנהייב גייט מען שוין
מיט תּאווהדיקע טריט,
דער תּו אַנטקעגן...
נאָר תּו מיינט אויך תּקומה.
איך שרעק זיך לכתּחילה
פאַר זיך אַליין...
בײַם שוועל ווו כ'שטיי
אין תּפילה.

# בײמער
**(TREES)**

דזשוים קילמער
1886—1918

מיר דוכט אַז איך װעל קײנמאָל זען
אַ ליד װי אַ בױם באַחנט און שײן.

אַ בױם װאָס פּרעסט צו דר'ערד מיט לוסט
זײַן מױל, צו איר קװאַליק־זיסער ברוסט.

אַ בױם װאָס קוקט אַ גאַנצן טאָג צו גאָט
די צװײַגן אין אַ תּפילה צו זײַן גנאָד.

אַ בױם װעט טראָגן זומער גאָר
אַ נעסט פון „ראָבינס" אין די האָר.

אױף װעמען עס איז שנײ געלעגן
און פילט אַ נאָענטקײט צו דעם רעגן.

פּאָעמעס מאַכט — װי איך אַ נאַר
אַ בױם קען מאַכן נאָר מײַן האַר.

ייִדיש: פריד װײַנינגער

## אָבותדיקער וואַלד

צי האָסטו ווען
די רו
ווי אינעם סאַמע אָנהייב,
אין וויגעלע געזען ?
נאָך שלווהדיקער רירט
זיך קוים אַ בלאַט אַדאָ
פון אַלטן בוים...
ווי ס׳וואָלט
אין יענער מעשׂה פון
בראשית,
נאָך גאָרנישט וואָס געשען.

צי האָסטו ווען
די שטילקייט
אין כּישוף־וואַלד געהערט ?
נאָך שטילער אָטעמט דאָ
דער אָבותדיקער בוים...
ווי ס׳וואָלט זיך דער באַשעפער
אַ רגע אין דער מעשׂה פון
בראשית,
אַ טראָפּעלע פאַרקלערט.

צי האָסטו ניט
דײַן בורא
אין אַלטן וואַלד דערפילט ?
דער וועג
איז שטילקײט,
רו נעמט אַרום
אַ יעדן בוים,
און צײַטלאָז ווערט
דער וואַלד.
נאָר איך בין ווי
אין מורא פֿאַרן העקער
אײַנגעהילט.

מויר־וואַלד, קאַליפֿאָרניע, 1978

## בורשטין

פאַרגליוּוערט אין
דעם דורכזיכטיקן קבר,
אַ רמז פון אַ פליגעלע.
געוויינט האָט ווען...
און אַלטע סאָסנע האָט געוויינט,
ווי אין דער דושנער היץ
פון נאָך בראשית
איז עס געשען...
אַזוי האָב איך
אין ספר בוים
געלייענט.

...אַמבער־געלער פעך־זאַפט
געטריפט האָט פון דער וווּנד,
פון יעדן אבר.
ס'קען זײַן
אַז דאָרשטיק, שיכּור
פון יענע פאַרבן,
פון הייסער פאַרע
בײַם קוואַל פון פיכטע־טרערן,
האָט זיך דאָס פליגעלע
פאַרלוירן העל,
אין פײַכטןביימער־אויסדונסט,
דעם בשׂמימדיקן האַרבן,

און אינעם ווונדער פון
פֿאַרגליווערט ווערן,
אַנטפּלעקט זיך אין בורשטין
ווי דאָס סאַמע ליד,
אין סוד אַ קערן.

אַזוי וועט אויך
מסתּם —
דער אַלטער עפּלבוים
אין גאָרטן פון מײַן ייִדיש לשון,
אויסזינגען זײַן געוויין
בײַם וויגעלע
פון נײַע דורות.
כאָטש אײַנגעקאָרטשעט
אין דרײַען ווי אַ זקן,
וועט ער דאָרט שטיין
אין ריחות
און אויסדונסט פון
זײַן פּירותדיקן נעכטן.
די צווײַגן נאָר
זיי וועלן זיך
מיט הימל שטורעמדיק
פֿאַרפּלעכטן —

ווי ברענענדיקע פייגל
אין זייער פלי...
צי גאָר ווי פּורפּורנע מנורות
אַריבער יענעם באַרג
פון זונפאַרגאַנג.
קען זײַן
דאָס אַלטע ייִדיש ליד
פון אונדזער ווײַסן ציגעלע
וועט אין אַ טראָפּן ליכט,
און אינעם טעם פון בוים
פאַרגליווערט ווערן...
ווי אין בורשטין —
אַ רמז פון
אַ פליגעלע.

## מײַן בוקאָווינער בוים

ביסט בלױ אַרױס פֿאַר מיר,
אַ בוים אין מײַן באַגינען —
אין װאַלד פֿון בוכנלאַנד
האָסטו צומאָל
אַ הויכע סאָסנע זיך
אין קינדערישן רוים באַוויזן.
אַזוי בין איך געוואַקסן...
מיט חלום פֿלעגסטו מיך
און אויסטערלישע פֿעדעם
אין אַ געוועב
פֿון גרין פֿאַרשפּינען.
ווי גוט עס איז געווען,
כאָטש מאָדנע גאָר —
אַ שפּראָץ צו זײַן
— וואָס וואַקסט
אַ ביימל צווישן ריזן.

צומאָל דערזע איך דיך
מײַן בוקאָווינער בוים,
ווי אַ בעריאָזקע ווײַס.
אַ באָרוועסער
לויף איך אַרום
אָן בושה,
אין בלויזן העמד
פֿון קינדערישן ברויז,

און רײַס
פון דיר בעריאָזקעלע
אַ צווײַג אַראָפּ...
און דין בין איך
ווי דו,
בלויז הויט און ביין,
און בויגעוודיק
מיט שטילער בענקשאַפט.
נאָר אינעם בליק
האָט שוין געטליִעט מיט אַ ברען:
דאָס ליד אין מיר
זאָל ווערן אויגעוודיק.

צומאָל באַזינגען
זכרונות דיך,
מײַן בוקאָווינער בוים
מיט בלוילעך־וויאָלעט...
אָט קומט די מאַמע פונעם מאַרק
אַהיים, און טראָגט
אַ בינטל צווײַגן בעז,
אַ ביסל פאַרביקייט
פון דרויסן,
פאַר אונדזער בידנער שטוב
פון ליים.

איך טראָג
דיך בוקאָווינער בוים
אַרום אין זיך,
אויף פרעמדע וועגן,
ביז צו דעם לאַנד
פון מײַנע אָבות.
אַזויפיל בליִונג
און פֿאַרבליִונג,
אַזויפיל בענקשאַפט
און גערענקשאַפט,
אַזויפיל שטעט און דערפער...
אַזויפיל וועלדער ברענען און
פֿאַרברענען.

מײַן בוקאָווינער בוים,
צי וועסטו מיך אַמאָל —
ווען איך וועל שטיין
פֿאַר דיר בײַם סוף
פון אַלע מײַנע בלויע טעג...
צי וועסטו מיך
דעם באָרוועסן
דערקענען ?

## די װעלדער שװײַגן

די װעלדער שװײַגן װי די פֿייגל מײַנע שטאַרבן,
און אײנציקװײַז הױכט אױס אַ יעדער בױם
װי אַ צװאה אינעם ליכט זײַן לעצטע תּפֿילה.
דער פֿריִער האַרבסט דאָ װערט אַ װאַלד פֿון פֿאַרבן.

צי איז די מורא פֿאַרן טױט ניט מײַנע?
אַ בױם קען צװינגען זײַנע יאָרן־רינגען
צײַט אײַן צײַט אױס, ביז יענער העקער קומט
און קאַלט שפּאַלט ער אַרױס פֿון שטאַם מײַן טענה.

אַנטלױף איך אינעם װאַלד פֿון װערטער...
דאָ קען דער ביימער־שפּאַלטער ניט אַרײַן,
און אות נאָך אות פֿאַררינגלען מיך אין רינגען,
אַ װאָרט װער איך אין יענעם אָרט פֿון ערטער.

## דוינע, דוינע

מ א י ר  ח ר ץ׳ ן

צום אָנדענק פון די בוקאָווינער־באַסאַראַבער יאָרן

דוינע, דוינע,
ווינט און רעגן,
נאָר איך לאָז זיך
אויף די וועגן...
שפּאַן און שפּאַן
אַ גאַנצע צײַט,
און די אומעט־לעמער
פּאַשען,
פּאַשען מיט מיר
זײַט בײַ זײַט.
דוינע, דוינע,
ווינט און רעגן,
קומט אַ באַרג
מיר איצט אַנטקעגן,
מיט דער נאָז
אַזש אין די וואָלקן,
און איך האָב דאָ
מײַנע ציגן
אינעם טאָל
נאָך נישט געמאָלקן.
חלום איך, אַז
דאָרטן, דאָרטן —
אויפן סאַמע שפּיץ
דעם הויכן —
איז פֿאַראַן אַ

שטערן גאָרטן,
אײַנגעהילט אין
בשׂמים־רויכן.
פיר איך מײַנע
לעמער־לידער
ווײַטער אַלץ אַרויף,
אַרויף כּסדר.
דוינע, דוינע,
ווינט און רעגן,
ס'האָט די אומרו
מיר געעפֿנט
אין די וואָלקן
אירע וועגן.

דוינע, דוינע,
ווינט און כמאַרעס,
בענק איך דורך די
נעפּל־שפּאַרעס...
נאָר די סטאַדע מײַנע
פּאַשעט,
ליד אין האַרץ,
דערצו אַ ניגון —
אומעט־שאָף
און חלום־ציגן
בענקען מיט מיר
זײַט בײַ זײַט.

דוינע, דוינע,
דמיון־כמאַרעס...
פלי איך,
ווערט מען אָפּגעפּרעמדט
אין צייט.
איבער בערג,
דורך וואָלקן־שפּאַרעס,
פול מיט שטערן
שוין דער קאָפּ,
בענק איך... אוי ווי
לאָזט מען זיך אַראָפּ
אין די לאָנקעס
דאָרט אין טאָל,
אין די לאָנקעס
אין די גרינע,
ווי אַמאָל אין דער מדינה
פון דער שיינער
בוקאָווינע...
ווי אַמאָל, אַמאָל,
אַמאָל.

כ״ד בתמוז, תש״מ

## אַ זילבער סערפּ

ס׳טריפט פון בוים אַראָפּ אַן אָנזאָג
און אויף וועגן לייגט די שעה
שאָטנס אולטראַמאַרין־בלויע אויס.
ס׳האָט דאָס אָוונט־דאָרף מיט מיר שוין
אין התפעלות
מעריב אָפּגעדאַוונט...
נאָר דער ברונעם
פון די שאָטנס האָט קיין דנאָ,
און דער עמער ליגט פאַרבאָרגן.
פּלוצעם אַזאַ העלער סערפּ פון זילבער
אויף דער האַלבער „ה״ פון הימל.
ס׳איז די צווייטע העלפט מסתּמא
וואָס דער שניטער האָט פאַרגעסן
צווישן שטערן־סטויגן
אויף אַ בערגל היי.

## אַלטער איילבערטבוים

אַן אַלטיטשקער, אַ זקן,
די באָרד
ביז צו מײַן װעג —
פֿאַרזילבערט נעפּלדיקע צװײַגן
אין גרוי און גרין —
אין סאָד פֿון סוד
און דער פֿאַרכּישופֿטקייט
פֿון אונדזערע טעג.
אַזוי
דערזע איך אים פֿון װײַטנס...
װוּ באַרג
און טאָל־אַנטבלויזטע לאַנדשאַפֿט
באַהעפֿטן װי פֿאַרליבטע זיך
אין גאָרטן פֿון גליל.
אַן איילבערטבוים
אַנטפּלעקט זיך דאָ
אין טלית פֿון אברהמס צײַטן.
די אָנגעזאַפּטע לופֿט מיט זון,
איז בשׂמימדיק און קיל.

אַן אַלטיטשקער...
װי ס'װואָלט די איינזאַמקייט
פֿון יאָרן,
אין קנייטשן פֿון זײַן קאָרע
זיך װי אין פּסוקים פֿון תּנ״ך פֿאַרטיפֿט,
אין האָניק־זיסן חלום —

אין וואָר און אויך אין טאָג
דעם האַרבן,
אַז פּונקט ווי ער
זאָל אויך זײַן יורש וויסן,
דערפּילן,
דערקענען גאָט אין זיך,
אין אַלע קאַרבן.

אַן איילבערטבוים,
זײַן באָרד
איז אַנדערש גאָר...
אַ גרין־גרוי נעפּלדיק געוויקס
ביז צו דעם שטויב
פון מײַנע טריט.
דערנעבן אויף אַ טראַקטאָר
אַ יונגער בוים,
וואָס לערנט זיך
דעם אלף־בית פון אַרבעט.
אַ היטל הימל־בלוי
אויף זײַן עקשנותדיקן קאָפּ,
די ערד
די ברוינע
האָט ער ווי אַ לאַבן ברויט —
אַ ראַזעווע,
מיט אַקעראײַזנס אויפגעריסן.

פאַרנאַכט
אין צפון —
דער אַלטיטשקער,
האָט שוין די זון
צום מעריב־באַרג באַגלייט,
און דאַוונט מנחה אַזוי פרום
און שטיל.

## ט״ו בשבט אין דאָרף

ווי אַ העלבלוי האַלבע „ה״
פליט דער הימל איבער מיר
ווו איך שטיי און גיי.
און די צווייטע העלפט זי הוידעט
ערגעץ־ווו זיך אין העט־העט...
הוידעט זיך פאַרסודעט.
נעם איך אין דער האַנט דעם בלייַער
און פאַרצייכן עס אַזוי:
אַזאַ העלער טאָג אויף פעלדער
אינעם הימלבלויען דאָרף.

ווו־זשע איז די צווייטע העלפט
פון דער האַלבער הימל־„ה״?
יאָג איך זיך נאָך יענעם ענטפער,
און ווער מיטאַמאָל געוווּיר...
אַז אין לאַנד פון סאַמע ייִדן
גייט עס תּמיד אויף קאַפּויר,
סימן האָט איר אַז אין עמק
ווו איך שטיי און ווו איך גיי,
האָבן קווייטן וואָס דער פראָסט מאָלט
זיך פאַרוואַנדלט איינס און צוויי —

ס׳איז דאָ נאָר וואָס אויסגעפאַלן
אויפן פעלד אַ גרינער שניי.

ט״ו בשבט, תש״מ

## אַ רויטער האָן

ווי אַ פּריצה אויף די אייער
קאָטקאָדאַקעט ווו אַ הון,
פּלאָטקעס הינערשע געמיינע...
כאָטש אַליין איז זי אַ ריינע
פּוריטאַנערקע, אַ ווײַסע.
פּלאַפּלט זי און קאָטקאָדאַקעט
אַז דער רויטער האָן מיט פײַער
האָט זיך נאָר וואָס צוגעכאַפּט...
און פאַרדרייט דעם קאָפּ איר שכנה.

האָט די זון זך אַזש פאַררויטלט,
און פאַר בושה איבער בערג
לאָזט זי זיך אַראָפּ אַלץ רויטער.
זע די וויאָלעטע אויגן
ווערן אינעם דעמער פלאַמען,
ס'דאָרף פאַרשטעלט זיך אויך דאָס פּנים,
שאָטנס טונקלע, בלויע קריכן
און צעוואַקסן זיך אין חושך —
ווי אין וועלדל נאָך אַ רעגן
אויסטערלישע פּישוף־שוואַמען.

## מורא

אַ קריגעלע פון ליים,
אַ פשוט קריגעלע
וועט אפשר זוכה זײַן,
און אין דער אייביקייט אַרײַן.
די צייכנס וועט די צײַט
אויסלייגן אין צירופים.
אַמאָל, אַמאָל וועט
ער,
אַ שערבל, אָדער צוויי
געפינען,
דערקענען אינעם קנייטש
פון זײַנע קאַרבן —
וועט לייענען זײַן בראשית
אין הויך
פון קוים־קוים פאַרבן...
לעגענדע וועט מיט וואָר,
און וואָר וועט זיך
מיט חלום
אומזיכטבאַר פאַרשפינען.

און איך,
געפורעמט פונעם סאַמע ליים,
שטיי אין פאַרנאַכט
פאַר דיר
מײַן בורא,

און קען ניט גובר זײַן
דעם פֿאָרגעפֿיל
פֿון נאַכט.
ווי וויל זיך עס
די שאַטנס
פֿון ווענט אַרום מיר
מיט גלויבן,
אַ תּפֿילה־ליד פֿאַרטרײַבן...
די מורא,
אַז ס'וועט פֿון מיר
קיין שערבל בלײַבן.

ניסן, תש"מ

## AD-ABSURDUM

דאָס ליד,
אַ בריוו צו עמעצן אין ווינט,
אין גרויסן ערגעץ־ווו.
איך לייג עס אין אַ פלאַש אַרײַן,
און זיגל עס
אין משוגעת
מיט מײַן אמונה צו.
דאָס שיפעלע פון גרינעם גלאָז
וועט הוידען זיך
אַרויס אין ווײַטן ווו־ניט־ווו,
וועט גובר זײַן
די שטורעמס אויפן ים.

צי וועלן עס די כוואַליעס
אַוועק צום ברעג
פון ערגעץ־ווו פאַרשווענקען?
צי וועט אַ פישער
דעם אויסטערלישן פיש פון גלאָז
אין נעץ געפינען?
ס'קען זײַן ער וועט
אַ צי טאָן מיטן אַקסל,
ווי איך האָב אין אַ רגע
**ad-absurdum,**
אַזוי וועט ער עס
צוריק דעם ים
און אַלע שטורעמס שענקען.

# אַ רגע חלום

ווי ווײַט דער בליק האָט אויסגעשפּרייט
מיט ווייץ דעם ברעג פון געלן זאַמד —
ווייס נאָר דער ים און איך אַליין,
די זון וואָס וועט אין ווײַן פאַרגיין,
און ווער ס'האָט ליב ווי איך זײַן לאַנד.

צי קען דען חלום מער, ווי זײַן
אַן עדות ווי די כוואַליעס שווענקען
די פיס די באָרוועסע מיט זאַלץ,
זיי זאָלן אין דער פּײַכטקייט אַלץ
מיט שוימענדיקן ווײַס געדענקען.

ווי ס'וואָלט דער ים אַ רגע בלויז
די הונגעריקע וועלט דערקענט,
מיט נאַסע ליפּן און אַזויפיל צונגען —
די כוואַליעס האָבן גרוי געזונגען,
צעוואַקסן זיך ווי גרינע ווענט
און אויפעשוימט מיט וואַסערפאַלן.

וויל איך דאָס ליד אין זאַמד פאַרשרײַבן:
אַז אַלץ פאַרגייט נאָר ניט דער ים,
די נויט אַרום מיר, און דער טאָג
וואָס צינדט מיט ווײַן דעם שקיעה־פלאַם...
אַ מושל פון געבעט וועט בלײַבן.

## ייִדישער פּאָעט

אין רגעס
פֿאַרפּלאָנטערטע אין וואָר,
ווען ס'וויל זיך
ווי מיט אַ חלום־וואָלקנדל
פֿאַרנאַרן,
נעם איך אַרויס
פֿון אַלטן קופּערט
דעם אַמאָליקן מונדיר,
אויך די פּאַרדינטע —
צומאָל געשאָנקענע
מעדאַלן, —
ווי יענער ווײַסער גענעראַל
וואָס חלומט נאָך
פֿון זײַנע העלדן, צאַרן,
ווײַל אין זײַן בענקשאַפֿט זענען
זיי דאָך קיינמאָל ניט געפֿאַלן.

איך קוק אַרײַן אין שפּיגל —
מיט שטויב שוין פֿון דער צײַט
פֿאַרהאַנגען —
נאָר מיטן ווײַסן טיכל
און אַ געשטיקטן מאָנאָגראַם
פֿון בלוילעכע פּאַרלאַנגען —
גיב איך אַ וויש,

און ס׳עפנט זיך
די וועלט אויף ווי אַ לידער־בוך —
געזאַנגען.

אָט שטיי איך דאָ
אַ ייִדישער פּאָעט,
וואָס ערשט האָט ער געגלויבט
אַז סאיז די וועלט
אין עצם בלויז
אַ לאַנגע קייט פון גלות.
און דאָ
שטיי איך גאָר ווידער
ווי אַמאָל,
און פונקט ווי אַ חתן־בחור
פאַרפּוצט אין זעלטענעם מונדיר,
פון בלויע שטערן־נעכט
און רויטע זונפאַרגאַנגען.
ווער האָט איצט צײַט
צו טראַכטן
פון אַלע וואָכעדיקע זאָרגן, —
די כלה פונעם נעכטן
איז איצט שוין ווײַב און קינדער —
און אַ דיכטער לעבט
דאָך פאַרן מאָרגן.

טאָ איַיל זיך איצט
אָלימפּישער פּאָעט,
ווי יענער דאָרט
פאַרבענקטער גענעראַל.
עס וואַרטן שוין אויף דיר
נאָך אַנדערע אין זאַל.

## בריוו צו מלך ראַוויטש

צו זײַן 80סטן געבורטסטאָג

איך שרײַב דיר איצט
דעם בריוו פון ווײַטנס, מלך,
און כ'שרײַב דיר אין דער צײַט אַרײַן —
אין אָט דער שעה
פון אַנגסט און וויי,
אין אָט דער שעה —
ווען יונגע גייערס
פאַרגייען מיט דער מדבר־זון,
און אומגעריכטערהייט
אַהינטער סיני־בערג
אין זאַמד און פײַן.

איך שרײַב דיר איצט
דעם בריוו פון ערגעץ, מלך,
ווען ס'לעצטע קיניגרײַך —
דאָס לאַנד —
דאָס איינציקע פון ליד,
טראָגט נאָך דײַן קרוינונג שטאָלץ,
אין אָט דער טונקלער שעה...
ווען יענער רודף רופט
זײַן אַלטן שינאה־רוף,
און לענדער גייען אונטער
אין פינצטערניש פון נאַכט
און נאַפט־יריד.

איך שרייַב דיר איצט
דעם בריוו פון היימלאַנד, מלך,
וואָס איז דיר ווי דייַן נאָמען,
און ווי דייַן קרוינונג נאָענט,
און ליב, און ליד,
אין אָט דער שעה
פון אומעט און נסיון,
ווען די אָקטאָבער־זון הילט אייַן
די בערג פון אונדזער קיניגרייַך
מיט מילגרוים־רויטן ליכט פון צונטער...
ווען קאָנטינענטן פיבערן אויף
און גייען אינעם חושך אונטער...

אין אָט דער שעה,
מייַן מלך,
שטיי איך
בייַם טויער פון דייַן קיניגרייַך,
דאָס איינציקע
פון ליד,
און ווי אַ היטער היט איך עס,
ביז צו דער לעצטער שעה.
דאָס שרייַבט דיר מלך,
דייַן היטער
פריד.

ה׳ בחשון תשל״ד

## בײַם שנײַדער הלל מאַנגער
### (זכרונות)

שײנדלען
אַ בינטל בלומען אויף איר קבר

װי קאָן די װאָר
דען אַנדערש זײַן...
ס'איז ערב שחיטה־טעג,
אין דרויסן שאַרפן זיך
די שטורעם־װינטן,
די טירן, פענצטער אײַנצוברעכן —
און אין די דלת־אמותן אַרײַן.
נאָר װי אין חלום,
אַנטלויפן נאָך
די געסעלעך פון װאַקאַרעשט
פון דעם װאָס װעט ערשט זײַן.
אין אַזאַ ניט אַהין
און ניט אַהער־פאַרנאַכט,
האָט מיך אַן אומרו־װינט
צו יענער שװעל —
צו יענער װאַרעמקייט געבראַכט.

די װאַרעמקייט?
אַ שטוב און אַ װאַרשטאַט
װאָס פליט אַװעק
אויף װאָלקנס פון טאַבאַק,
אין רוים
פון ייִדישן בטחון און געזאַנג...
אַהין, װו ס'קען דאָס מעסער ניט
אַרײַן און ניט די שװאַרצע האַק.

ווי איבער אַ גמרא פרום,
אַזוי גאָר שאָקלט זיך
דער אַלטער שנײַדער הלל.
זײַן נאָדל זינגט מיט אים
אַ ניגון — ווי אַ בדחן פון אַמאָל...
עס הילכן אָפּ די ווענט
ווי אין בית־מדרש —
אין יום־טוב־טעג בײַ הלל.

ס׳איז נטע דער געזעל
פאַרטון אין זיך —
אין שווײַגן...
אַזוי זעט עס נאָר אויס —
אַ בוים איז דאָך נגינה,
האָט וואָרצלען אַלערליי
און צווײַגן...
און נטע איז באַשײַמפּערלעך
אויך ערגעץ־ווו
אַוועק אין רוים.

די שיינע שיינדל
צעגייט זיך אין אַ חנדל,
דערלאַנגט צום טיש אַ גלעזל טיי.
נאָר איציק איז
אין גלות ערגעץ־ווו...
אין אַ באַשטערנטער אַליי.

## גניאַ מאַנגערס אָוונט־תּפֿילה

אַ לויב דיר, מײַן באַשעפֿער,
אַ רגע בלויז
געזאַמט זיך אין דײַן אייביקייט,
און כ׳קער זיך אום ווי שטויב
אינעם באַריר פֿון שטויב.
נאָר דאָ און דאָרט,
אין זכות פֿון דיר
בין איך צום קוואַל דערגאַנגען...
אַז אייביק איז דאָס וואָרט.
בײַם שוועל פֿון דײַן געצעלט
שטיי איך דאָ ווי אַמאָל
אין סאַמע אָנהייב,
און כ׳ברענג די ליבע דיר
פֿון מײַנע טרובאַדורן.
ס׳איז פֿינצטערער אָן זיי,
נאָר אין מײַן וועלט
ווי אַ לאַמטערן אינעם ווינט
אַ שטערן אין דער נאַכט,
גייט אויף דאָס ליד
ווי תּמיד אַזוי העל.

ניו־יאָרק, 3טן יולי, 1977

## גאַסט אויף איסט בראָדוויי

צומאָל
ווען דו באַגעגנסט זיך
מיט דײַן אַמאָל...
דוכט זיך דו שטייסט
ווי דעמאָלט דאָ —
און נישט די צײַט פאַרגייט.
די זעלבע הײַזער,
די זעלבע רויע ציגל־ווענט,
די זעלבע טענעמענטס
וואָס זענען אַלט געוואָרן
נאָך יונגערהייט.
אַזוי שטיי איך דאָ הײַנט
אין מיטן פון אַמאָל —
און נישט דער טאָג
צאַנקט אויס,
נאָר איך אַליין פאַרגיי,
ווײַל צווישן שאָטנס
בין איך אויך איינער דאָ —
אַ גאַסט אויף איסט בראָדוויי.

צי בין איך זיך גאָר טועה?
די זעלבע הײַזער,
די זעלבע פענצטער
וואָס שטאַרצן אָן דיך
ווי אויגן אויסגעמאַטערטע
און גרויע.

די זעלבע גאַסן־קעץ
אַרום אַ קעסטל מיסט —
נאָר זיי דערמאָנען מיך
אַז וואָס איך זוך
איז לאַנג שוין פוסט
און וויסט.

אָט שטיי איך פאַר אַ טורעם,
ווי ציטערדיק די פינגער
באַרירן יעדן שטיין,
און גלעטן יעדן שפּאַלט אין וואַנט.
אַ רגע נאָר האָט זיך געדוכט,
סע קומט ה. לייוויק מיר אַנטקעגן
צי אפשר מאַני לייב,
און שטרעקט מיר אויס פון וויַיטנס
אַ פאָטערלעכע האַנט.

נאָר ווי...
אַ גאַסט בין איך בייַם טויער פון אַמאָל.
כינעזער אויגן פרעגן:
צי וויל איך עפּעס, און
צי זוך איך עמעץ דאָ
אויף איסט בראָדוויי?

ניו־יאָרק, אָקטאָבער 1975

## אַ לאַנדסמאַן

דאָ און דאָרט ווי דאָרט און דאָ
קומט אַ לאַנדסמאַן מיר אַנטקעגן,
אַנדרע שטעט און אַנדרע ברעגן,
אַנדרע צײַטן, אַנדרע וועגן...
און אַ בריק איז מער ניטאָ.

דאָרט און דאָ ווי דאָ און דאָרט
ווערט דער גלות אויך דערעסן,
וואָס געווען וויל מען געניסן
און דעם סאַמע הײַנט פאַרגעסן,
לאַנדסמאַן ווערט אַ הייליק וואָרט.

דאָ און דאָרט ווי דאָרט און דאָ
אַ מסיבה, קוואַל פון חיות,
דרשות, לויבן און העויות,
און צומאָל ערשט אויף לוויות...
און דער לאַנדסמאַן איז ניטאָ.

## אויף קבר אָבות, ב

לזכר דעם דינובער רבין
ר׳ דוד שפּירא זצ״ל
נאָך זײַן בת־יחידהס פֿאָרן אויף קבר אָבות

דו האָסט געלאָזט זיך אויפֿן וועג,
דער וועג פֿון די זכרונות איז
ניט ווײַט און זאָגט ניט ניין...
נאָר ווײַטער איז דער אָרט
דער הייליקער פֿון קבר אָבות,
ער פֿירט דורך צווייפֿלען דיך
באַגלייט פֿון תּפֿילה און געוויין.

כאָטש על־פּי שׂכל ביסטו איצט
אין פּוילן, אינעם שטעטל וווּ
דײַן וויגל איז געשטאַנען.
די ערד אַ גרינע ווי אַמאָל
זעט אויס נאָר פֿאַרן אויג פֿאַרפּוצט...
אין אמתן דוכט זיך אַז בלוט
שפּריצט אינעם פּאַרק פֿון די פּאָנטאַנען.

דאָס הויז שטייט נאָך, דער גאָרטן אויך
און אויך דער אַלטער עפּלבוים,
נאָר ס׳איז ניטאָ דעם רבינס הויף.
די „שכנים״ קוקן דיך מיט פּחד אָן,
די שׂינאה פֿון אַמאָל איז נאָך ניט פֿרײַ —
און אויגן לאָזן זיך פֿאַרשעמט אַראָפּ
ווען דו הייבסט דײַנע מיט אַ חידוש אויף.

אַ חלום פלוצעם... דו דערזעסט...
אָט קומט די רביצין, דײַן מאַמע
אַנטקעגן דיר און זאָגט: איצט גיי,
דער צדיק אויף אַ רגע וויל דיך זען,
און דו דערמאָנסט זיך אַז שוין לאַנג
האָסטו דײַן טאַטן פונעם ספר
געוואָלט גאָר נעמען אויף שפּאַציר
אין אַ פאַרבאָטענער אַליי.

אַ קינד, אַ בת־יחידה נאָך דערצו,
ניט איינמאָל האָט די יונגע בענקשאַפט
פאַרמאַכט אין זיך — פאַרריגלט אויך
די טיר, אַז קיינער זאָל ניט זען.
צי וואָלסטו דעמאָלט דען געקאָנט
זיך גלויבן אַז דאָס אַלץ
וועט אויפגיין אין אַ שוואַרצן רויך?

דו האָסט געלאָזט זיך אויפן וועג,
דער וועג פון די זכרונות איז
ניט ווײַט און זאָגט ניט ניין.
נאָר ווײַטער איז דער אָרט וואָס האָט
שוין ניט געלאָזט פון זיך קיין סימן.
אָט דאָס איז פוילן, דאָס איז סאַנוק,
און דינוב, ליבסטע, אָן אַ שטיין.

## באַלאַדע פון לעצטן ייִד

ווען איבער שטאָט און דאָרף די שאָטנס פאַלן,
און אויף זײַן וואַלד־געלעגער לאָזט זיך מיד
דער וואָגלער, אינעם שײַן פון אָוונטליד,
ווערט מיטאַמאָל אין אַלע איבעראַלן

די שׂינאה קאָכעדיק, און פלאַמט און זידט,
און טײַכן סם פון גאָר אוראַלטע קוואַלן
צעגיסן זיך, און טונקלע פּחד־וואַלן
פאַרפלייצן דאָס געצעלט פון לעצטן ייִד.

נאָר ער וואָס איז געשטאַנען שוין בײַם סוף,
האָט מיטן אַלטן דווקא זיך דערהויבן
צו יענע ווײַטע הימלען גאָר אַרויף,

און ער, דער לעצטער פון געצעלט איז אויבן
געוואָרן צוויי און דרײַ פאַר אַלע צײַטן.
איך זע זײַן קומען פון דער ווײַטנס.

## טויט אין קיבוץ

צו די שלושים אין משגב עם

גקומען זענען זיי
אין אַ קאָשמאַר —
ווי אויף ווילדע פײַער־פערד,
דעם פרילינג־צוויט
און חלום —
די ווײַסע טויב פון אומשולד
אין וויגעלעך פון רו
צו שעכטן.
צי ווען קינדער יענע נאַכט
פון זייערע אויגן ווען
פאַרלירן ?
פאַרגעסן יענעם נעכטן ?

געקומען זענען זיי,
ווען די לבנה אינעם פענצטער
פון קינדער־היים,
כאַפט אויך
אַ זיסן דרימל...
און נאָר אַ ליאַלקע,
צי אַ ברוינער טעדי־בער,
האַלט אָפן זײַנע אויגן,
און וויל פאַרשטיין
דעם טונקלען סוד
פון הימל.

די שלאַנג
פון שׂינאה,
דורך שוואַרצע גראָזן איז
זי צוגעקראָכן...
און קינדערלעך,
זיי שוועבן נאָך
אין וואָלקנדלעך פון רו.
נאָר צווישן זיי
אין משׂגב עם —
און דער סכּנה וועלכע לויערט,
שטייט אויף דער וואַך
אַ שמאָלער צאַם.

געקומען זענען זיי
דאָס מעשׂהלע צו שעכטן,
וואָס זייער ווײַסער מלאך
האָט פאַרן שלאָפן זיי דערציילט.
צי וועלן קינדער יענע נאַכט
פון זייערע אויגן ווען פאַרלירן?
פאַרגעסן יענעם נעכטן?

## אָלימפּיאַדע 1980

כ׳האָב נאָך ניט אויסגעטאָן פון זיך די נאַכט,
און ניט פאַרגעסן יענעם מאָדנעם חלום,
טרומייטערס שאַלן נאָך, דער קרעמלין־זייגער
קלינגט אויס די שעה ווי ס׳וואָלט געווען אין מיר

דער אָנהייב פונעם אויפמאַרש אין סטאַדיאָן.
נאָר איך פאַרפּלאָנטער זיך אין מײַנע קייטן...
אָט קומען זיי, פון אומעטום די פעלקער,
און איך קען ניט דערגרייכן צו מײַן פאָן.

פאַנפאַרן הילכן אָפּ אין דער אַרענע,
ס׳פלאַמט שיכּרות אויף אַ ריזיקן שטורקאַץ.
מען לאָזט אַרויס די טויבן, פאַלן ראָבן

מיט אַ געקראַקע אויפן פעלד אַראָפּ.
איך וואַרף זיך אינעם שלאָף — און בין מקנא
זיי אַלעמען אין חלום אין מיראַזש.

## בײַם קבר פֿון קאַרל מאַרקס

ווי שטיל,
ווי שלוּוהדיק די רייען דאָ.
אין דרויסן אָבער ברענט...
געבירטיק —
דער קלאַסן־קאַמף,
„שטייט אויך ניט מיט
פֿאַרלייגטע הענט״.
די שטעגן נאָר
דאָ אויפֿן הײַגייטער
בית עולם —
זיי הילכן אָפּ
אַ יעדן טראָט,
ווי ז׳וואָלטן דיך
אין אָט דער רו
אין זייער ווידערקול
דערקענט.

מצבות גרויע ראַנגלען
מיט ווילדקרויט זיך אַרום,
און די וואָס רוען
דאָ אין דער שוואַרצער ערד :
גענאָסן —
אויך די פֿון יענער זײַט,
די „באַלעבאָסן״ —

זיי האָבן אויפגעהערט
זיך שווין צו דינגען.
די ווערעם נאָר
פאַרדינען
פון זייער שווייס און בלוט.

און קאַרל מאַרקס
פאַראייינזאַמט אויפן מאָנומענט,
צי גאָר פאַרטראַכט...
זײַן רוף:
„פאַראייניקט אײַך"...
פעדאַנטיש אויסגעקריצט
פאַר אַלע דורות אין גראַניט,
און ס'דוכט זיך אַז
ער ווייסט אַפילו ניט,
אַז יעדער שקרן
האָט אויף זײַן גאָמען,
דעם נביאס נאָמען.

לאָנדאָן, נאָוועמבער 1975

# באַלאַדע פון אַ נול און טויזנט און איין נאַכט

אין אַ לאַנד ניט ווײַט פון דאַן'
פלאַטערט איצט די פּחד־פאָן...
פון איראַן, אַפגאַניסטאַן,
וווּ די רוצחים טראָגן בערד,
גאַלאָפּירן שטורעם־פערד.
פון קאַבול ביז
איסטאַנבול,
נוגש, און דער גײַסט פון נול.

ווען דער בורא
האָט אין חשבון
פון יצירה אַלץ פאַרשריבן,
האָט ער זיך די איינס גענומען;
לוחות זענען צוויי געבליבן,
אָבות — דרײַ מזומן...
יעדע צאָל אין דער גימטריה
האָט אַ תּיקון באַלד באַקומען.
נאָר די נול האָט אַלץ פאַרשפּילט
און ווי גאָרניט
זיך געפילט.

אמת,
פירט מען זי מיט איינס צוזאַמען,
ווערט אַ צען,
און סע לאָזט זיך גראַמען.
אפשר האָט דער אייבערשטער
געמיינט גאָר,

אַז די נול דאַרף מאַכן גרעסער...
איין נול צען,
און צוויי ווערט הונדערט...
וועט עס אויך פאַר איר זײַן בעסער.
נאָר די נול איז פול פאַרדראָסן
און סע האָט זיך בלוט געגאָסן.
איידער זײַן אַ קנעכט בײַ יענעם,
איז כּדאי שוין
צינדן דעם גיהנום.

אינעם לאַנד ניט ווײַט פון דאַנען
אויפן וועג פון קאַראַוואַנען,
האָט די נול זיך באַלד פאַרטראַכט
און פון טויזנט און איין נאַכט
זיך אַ פײַער־שווערד געמאַכט.
ווו זי שפּאַנט
ווערט באַלד אַ שׂריפה,
ווו זי רוט
ווערט אַ מגפה...
פון איין נול גאָר ווערן נולן...
פון איין פּעסל ווערן פּעסער,
און דער חורבן
ווערט אַלץ גרעסער.
גראָבט דער טויט,
גראָבט מיט זײַן רידל,
שפּילט די נול,

שפּילט אויף איר פידל —
ווי אַמאָל אין רוים
דער אַלטער נעראָ,
ווילד אין שיכּרות
פידלט זעראָ,
גיסט אַרײַן אין זיך דעם וויַן,
קאָן דעם אייבערשטן ניט מוחל זיַין.
נו און איך דאַרף עדות זאָגן...
ווערט עס אפשר
באַלד שוין טאָגן?
צי זאָל איך אפשר גאָר
אין לאַנגע צווישן שטערן
וויַיט אַוועק פון דאַנען,
אינעם אָרביט פון די זונען
ערגעץ ווו שוין רו געפונען.

# דריי סאָנעטן

## גראַמען

ווי אין אַ צעל אַ גאָלדענער פון גראַמען
בין איך און כ׳פרעג דעם בוים אין מיר צי וועט
ער ניט אויף יענער זײַט, אין אַ סאָנעט
צעוואַקסן זיך... אין יענעם וואַלד אָן צאַמען.

דער ווילדוואַלד פלעכט די צווײַגן, און די שטאַמען
דערהייבן זיך אין בלוי און וויאָלעט,
אין אַ געוועב פון שאָטן, ליכט, און ס׳וועט
באַלד דער געמעל פון גאָט, אַרויס פון ראַמען,

אַרומנעמען די גאַנצע ערד, און איך
וועל ווי אַ ליאַנע זיך אין חלום הוידען.
נאָר שטיל, כ׳בין אין אַ תּפיסה נאָך און גיך

רוישט אויס די צײַט, און ס׳העלפט מיר ניט זיך סודען
מיט יענעם אויסגעטראַכטן כּישוף־וואַלד.
כ׳וועל הינטער גראַמען־גראַטעס לעכצן באַלד.

## באַפרײַונג

נאָר אַז די תּפֿיסה אַרום דיר ווערט ענגער,
און דו דערפֿילסט ווי ס'וואָלט אַ ווערטער־קייט
דיך צוגעשמידט צו טבֿע, איינזאַמקייט,
און ס'ווערן שעהן פֿון דײַן מורא לענגער,

פֿרעגסטו דײַן גורל־היטער וואָס פֿאַרשטייט
דיך נאָר ווען דו אַליין ווערסט דער באַצווינגער
פֿון דײַנע קייטן, און דער בשׂורה־ברענגער
אַז אַלע טירן זענען אָפֿן, גרייט

צום וואַלד דעם אויסגעחלומטן דיך לאָזן...
דערקענסטו מיטאַמאָל ווי אין אַ שפּיגל,
אַז דער וואָס האָט פֿאַרשלאָסן יעדן ריגל,

ביסטו אַליין. ווען אַרום דיר איז מאַי,
אַ ווײַטע וועלט, און נײַע ווינטן בלאָזן...
צערײַסטו דײַנע פּענטעס און ביסט פֿרײַ.

## ג י אַ ק אָ ר אָ נ ד אַ ס

דער גאָרטן עפנט אויף מאַיאָווע זיך,
צעצויטע גיאַקאָראָנדאַ־ביימער נעמען
מיט וויאָלעטער חברשאַפט מיך באַלד
אַרום, און ווי איך שפּאַן אַזוי אין מיטן

דערפיל איך אַזאַ נאָענטקייט צו דער וועלט,
ווי כ׳וואָלט גאָר קיינמאָל ניט געלעכצט אין תּפיסות.
אין דער אַנטפּלעקונג אַז דער וועג איז אָפן —
ווערט ליכטיקער אין מיר נאָך מער דער הימל.

ס׳איז גוט אַזוי, דערקענען מיטאַמאָל
אַז קייטן טוט מען אָן זיך נאָר אַליין,
און צו באַפרייַונג דאַרף מען זוכה זייַן.

דערצייל איך זיי די בלויע גיאַקאַראָנדאַס,
אַז זייער וויאָלעטער צוויט וואָס לייגט
זיך אויס אויף מייַנע וועגן, נעמט מיך מיט.

# עפילאָג

אותיות, ווערטער, סטראָפן.
קוואַל פון אָנהייב — אלף,
און דער שטראָם פליסט
צווישן בערג און וועלדער
פון מייַן חלום,
צו דעם ים
פון אַלע סופן.
אפשר וועל איך
יענעם ברעג דערגרייכן
ווען די דעמערונג
וועט לאָזן מיר אַ צייכן...
אותיות, ווערטער, סטראָפן.

# אינהאַלט

## די וועלדער שווײַגן

## אַ שיפּעלע פון גלאָז



## דרײַ סאָנעטן

## ביכער פון זעלבן מחבר

**נאַרציסן —**

סאַנעטן: פאַרלאַג טשערנאָוויצער בלעטער, טשערנאָוויץ, 1937

**אָוונט ביים פּרוט —**

סאַנעטן און לידער: ניו־יאָרק, 1942

**אַ פאַסטוך אין ניו־יאָרק —**

סאַנעטן און לידער: בוענאָס איירעס, 1951

**ביים פּרוט, לאַ פּלאַטאַ און ירדן —**

פאַרלאַג י.ל. פּרץ, תל־אביב, 1966

**אין גרויסן דרויסן —**

פאַרלאַג י.ל. פּרץ, תל־אביב, 1974